**ראָזאַ האַלפּערין (פּויסט)** / ניו־יאָרק

# טאָגבוך פון ראָהאַטינער געטאָ

(אויסצוגן)

ר אָ ה אַ ט י ן, 24.6.1941: דער דאָזיקער טאָג וועט שטענדיק זיין איינגע־קריצט אין מיין זכרון. ער איז געווען דער אָנהייב פון גרויל און מורא. אַן אומ־אויפהערלעך וואָיען פון די סירענעס, שוועבנדיקע עראָפּלאַנען, באָמבעס, שריפות. און איבער אַלעמען — דער פּחד פאַרן אומבאַקאַנטן.

מ י ט וו אָ ך: אַ נישט־געוויינלעכע שטילקייט. מען הערט נישט מער די הודזשענדיקע מאָטאָרן, אויך נישט קיין באָמבעס־אויפרייסן. שטיל. איך האָב דעם איינדרוק ווי עמעץ וואָלט מיך געשטיקט, עפּעס עקלהאַפטס און מעכטיקס. ס׳איז אַזוי שווער זיך איינצוהאַלטן און נישט אַ געשריי געבן אין דער ווייטקייט. אָבער ווער וועט הערן? און ווער וועט העלפן?

ד אָ נ ע ר ש ט י ק: זיי זענען געקומען. אויף הויכע פערד, אַלע הויכגעוואוקסיק, מיט קלאָרע, נאָר פאַרביסענע הארטע בליקן. אָן פּויקן — בלויז דער געקלאַפּ פון די פערדישע פיס האָט אויסגעקלונגען דעם טויט.

פ ר ײ ט י ק: אַ גאַנצן טאָג כאַפּט מען יידן צו רייניקן די שטאָט. מען צאָלט מיטן שטעקן, מיט דער קאָלבע פון דער ביקס, מיט וואָס עס לאָזט זיך. אומאָפּ־הענגיק פון געשלעכט, עלטער און שטאַנד.

ש ב ת: מיר זענען הונגעריק. עמעץ ברענגט די נייעס, אַז מען טיילט ווייס ברויט. מיר לויפן שנעל. די מאַמע קומט צוריק אַ גליקלעכע. איר איז געלונגען. די דאָזיקע פרייד ווערט שנעל צעשטערט. אויף די טרעפּ קרעכצט ווער. דאָס איז דער טאַטע. מען האָט אים צעשלאָגן. דעם טאַטנס דערציילונג ווערט איבער־געריסן מיט אַן אוממענטשלעכן געשריי. מיר לויפן צו צום פענצטער. ביי דער וואַנט פון קעגנאיבערדיקן הויז, הינטער דער שול, שטייען מיט אויפגעהויבענע הענט: הרב שפּיגעל, הרב תאומים, אַמאַראַנט, פרייוואַלד, ד״ר גאָלדשלאַג און ראַטבאום — די גאַנצע פאַרוואַלטונג פון דער קהילה. אַנטקעגן זיי שטייען אָרטיקע כוליגאַנעס און מיט נאַהייקעס אין די הענט שלאָגן זיי ווו עס לאָזט זיך. און דערביי שרייען זיי: „איצט איז די צייט פון באַצאָלונג״...

פון אומעטום האָט מען געשלעפּט יידן. מען האָט געשלאָגן די וואָס האָבן זיך קעגנגעשטעלט און די וואָס האָבן זיך אונטערגעגעבן. אומעטום האָט מען געהערט די געשרייען פון די כוליגאַנעס: „פאַרברענען זיי לעבעדיקערהייט!״

מיין פאָטער האָט אויפגעהערט קרעכצן און דערציילט:

— מיר זענען געשטאַנען אין דער ריי ביי האַרנען — שטיל, נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף די צונעמען, שפּאָט און באַליידיקונגען. מיטאַמאָל האָט אַ יונגער יאַט, ממש אַ קינד, אַ געשריי געגעבן: „יידן אויפן פייער!״ דאָס איז געווען אַן אַרויסרוף. עמעץ האָט מיר אַ זעץ געגעבן מיט דער קאָלבע, אַ צווייטער האָט מיך גענומען קאָפּען און דערביי אָנגעשפּיגן אין פּנים און אַ דריטער ווידער האָט

מיך געהייסן ברענגען דעם פידל כדי אויפשפּילן ביי דער געלעגנהייט. „היינט איז אַ גרויסער טאָג" — האָבן זיי זיך געגאָרגלט.

עמעץ קלאַפּט איצט אין טיר:

— גיט זייף, קאַווע, קאַקאַאָ. מיר מוזן אויסלייזן די ערובניקעס פון דער וואַנט...

10 קילאָ קאַקאַאָ, 25 קילאָ זייף און 5 קילאָ קאַווע האָבן געראַטעוועט דאָס לעבן פון די פאַרשטאַרטע און צעבלוטיקטע ערובניקעס.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן אונדזער גיהנום.

*

אין שטאָט האָט נאָך אַלץ געהערשט כאַאָס. די אָפּטרעטנדיקע רוסן האָבן צענומען וואָס ס'האָט זיך געלאָזט. די חורבות נאָך די באָמבאַרדירונגען, די צעהאַקטע שויבן, צעבראָכענע וועגענער, אויטאָס — אַלץ האָבן די יידן געמוזט אָפּרייניקן. יעדער ייד, אומאָפּהענגיק פון שטאַנד, איז געכאַפּט געוואָרן צו דער אַרבעט. יעדער ייד וואָס האָט פאַרנומען וועלכן עס איז אַמט, איז אויפגעפאָדערט געוואָרן איבערצוגעבן די שליסלען און רעזיגנירן. די געשעפטן זענען אָן אַפּעלאַציע קאָנפיסקירט געוואָרן. דאָקטוירים, דענטיסטן, אַדוואָקאַטן — האָבן מער נישט געוואַרט אויף קיין קליענטן. פאַר יידן איז אַלץ געוואָרן פאַרמאַכט און פאַרבאָטן, אפילו די רעכט אַרויסצוגיין אויפן מאַרק.

די הייזער פון די פאַרמעגלעכע יידן זענען איבערגעגעבן געוואָרן פאַרן מיליטער. אויף אָפּצוטראָגן זיך איז געגעבן געוואָרן אַ האַלבע שעה צייט.

יעדן טאָג פאַלן אָן דייטשן מיט אוקראַינער אויף יידישע היימען און רויבן אַוועק די זייערע נייטיקע מעבל און גאַרדעראָב. ווי איז צו דעם וואָס שטעלט אַ ווידערשטאַנד.

5 סעפּטעמבער: מען האָט אַרעסטירט דעם אַדוואָקאַט אַלטער און פּראָפּ' קאַרטין (פּערזענלעכע חשבונות). די געשעפט־אייגנטימעריך פּרוי באַנגער איז ביז בלוט צעשלאָגן געוואָרן דורכן פריזירער פון קעגנאיבער — אַ באַצאָלונג פאַרן לאַנגיאַריקן באַדינען און דעם גרויסן קרעדיט.

דעם זעלבן חודש איז אויך אַרויס די פאַראָרדענונג, אַז די יידן מוזן זיך געפינען אין די גרענעצן פון דעם אויסגעטיילטן פאַר זיי געטאָ און טראָגן די דערנידעריקנדיקע אָרעמבענדער.

דער יודענראַט: כדי צו פאַרמיידן פּערזענלעכע אָפּרעכענונגען און די אומאויפהערלעכע כאַפּונגען צו דער אַרבעט, ווי אויך די רויבערייען, האָבן די יידן אויסגעקליבן אַ קאָמיטעט. דאָס זענען געווען דער עיקר די געוועזענע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פון דער קהילה.

דער אַרבעטס־טאָג פאַר די יידן האָט זיך אָנגעהויבן טייללמאָל באַגינען, אָפּהענגיק פון די פאַרלאַנגען פון אונדזערע הערשער. אויסער דעם אָרגאַניזירן אַרבעטס־באַטאַליאָנען, האָט מען יעדן טאָג געקאָנט באַצייכענען מיט אַן אַנדערן נאָמען, ווי צום ביישפּיל:

טאָג פון פוטערוואַרג: אַלע יידן האָבן אין משך פון 24 שעה, אונטער דער דראָונג דערשאָסן צו ווערן, באַדאַרפט אָפּגעבן די פוטערס פון די פרויען און מענער, די קינדער־פעלצלעך, אפילו די פוטערנע קאָלנערס אדג"ל.

טאָג פון זילבער: אַלע זילבער־זאַכן, אויסער די געלט־קאָנטריבוציעס וואָס יעדער באַאַמטער אין די דייטשיש־אוקראַינישע אַמטן האָבן אַלס כאַבאַר געפאָדערט פון די יידן — האָט מען געמוזט אַוועקגעבן, און אַלץ אונטער דער דראָאונג פון טויט.

דער יודענראַט איז געוואָרן דער וואָרטזאָגער פון די יידן כלפּי דער דרויסנ־דיקער וועלט. די פאַראָרדענונגען וועגן געטאָ און אָרעמבעבנדער האָט מען מיט אַלע מיטלען געוואָלט אָפּשרייען. אָבער קיינער האָט גאָרנישט געקאָנט אויפטאָן.

דאָס ערשטע געטאָ האָט צוגענומען: די אַלטשטאָט, אָנהייבנדיק פון האָרנס בעקעריי, די גאַנצע גאָס לענגאויס דעם רינעק, די הייזער פון טאָפּן, רייסן, פישערן, שנאפּס, קערצנערן, ווײַלערס — ביז די פעלדס. אויסער דעם — די כאַטעס אויף הינערנע פּיסלעך הינטער דעם יאטקעס־קוואַרטאַל ביי דער עלעק־טראָסטאַנציע, אַלטער פּויסט הויז, די אייבערהאַרס — ביזן טייך גנילאַ ליפּאַ. אייך די הייזער פון די פּאָדהאָרצערס און גלאָטצערס.

דאָס איבערקלויבן זיך אין געטאָ האָט געדויערט עטלעכע וואָכן. מען האָט באַדאַרפט אָנווענדן אַ סך אַרגומענטן און אויטאָריטעט אויף איבערפירן די אוקראַינער און פּאָליאַקן פון זייערע וווינונגען, וואָס זענען איצט געווען אין די גרענעצן פון געטאָ, הגם זיי האָבן דערפאַר באַקומען שיינע יידישע הייזער און פּרעזענטער.

אומצופרידנקייט, פּערזענלעכע פּראָבלעמען (ווער מיט וועמען זאָל וווינען), שטענדיקע סענסאַציעס, ווי דאָס דערשיסן דעם גביר רייס, דאָס רייסן די בערד ביי אַלטע לייט, ביי די רבנים, דאָס צעשלאָגן דעם אַלטיטשקן בלעך, דאָס אַריינוואַרפן דעם רבי אליעזרל אין דעם עפנטלעכן קלאָזעט — זענען געווען אונדזער טאָג־טעגלעך ברויט.

עס איז געווען געפערלעך אַרויסצוגיין אין גאָס, זיצן אין שטוב, שלאָפן — און בכלל צו לעבן. דאָס געטאָ איז פול געווען מיט ציטער, גרויל און טראַגעדיע.

אין חודש יאַנואַר האָט עמעץ געבראַכט אַ נייעס. אַ דייטשישער אויטאָ מיט ס.ס.־לייט איז געפאָרן איבער דער שטאָט. אינזשעניערן מיט מאַפּעס און מכשירים האָבן געזוכט אַן אָרט פאַר אַ נייער ציגל־פאַבריק...

דערנאָך האָבן נייע גרופּן מענער, טאָג־איין, טאָג־אויס, געגראָבן ראָוועס. דער שטאַטהויפּטמאַן האָט פּערזענלעך אונטערגעטריבן ביי דער דאָזיקער אָנגע־שטרענגטער אַרבעט. דאָך איז די צרבעט אָנגעגאַנגען אין אַ שוואַכן טעמפּאָ. דער שניי, דער פאַרפרוירענער באָדן און די נישט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער האָבן נישט געקאָנט געבן די געהעריקע רעזולטאַטן.

אין פּראַקטיקע טעג האָט מען באַפוילן די יידן זיך אויסטאָן האַלב־נאַקעט און אַרבעטן אָן איבערייס. יעדעס מאָל איז שווער געווען צונויפזאַמלען דעם קאָנטיגענט אַרבעטער וועלכע די דייטשן האָבן פאַרלאַנגט. יעדער אַרבעטנדיקער וואָס האָט זיך אומגעקערט פון דער קאַטאָרגע, איז געווען צעשלאָגן און קראַנק. ענדלעך האָט מען אונטערגעקויפט דעם שטאַטהויפּטמאַן ער זאָל מער נישט אַסיסטירן ביי דער אַרבעט. דאָס גראָבן די ראָוועס האָט זיך דערנענטערט צום

סוף. די אינזשיניערן האָבן יעדן טאָג געמאָסטן און קאַלקולירט. די יידן האָבן זיך געגרייט צו בויען די ציגעלניע.

פ ר ײ ט י ק, 20 מערץ 1942: פון 6.30 פרי הערט מען ווי מענטשן איילן זיך אין פאַרשידענע ריכטונגען. מיטאַמאָל — געשרייען, אָפּהילך פון שאָסן. עס פאַלט צו אונדז אַריין די פרוי גרין און שרייט: „באַהאַלט זיך, מען מאָרדעט!...“ מיין קוזינע (די כּרוי פון נפתלי פּאוסט) מיט די קינדער לויפן די ערשטע אַראָפּ אין קעלער וואָס האָט זיך געפונען אין גאָרטן. אויך די פאַמיליע פון איטשע האָכבערג. פון פחד האָבן זיי אַזוי פאַרקלאַפּט די טיר פון אינעווייניק, אַז מיר פון דרויסן האָבן זי נישט געקענט עפענען.

מיר לויפן איבער די גערטנער. אומעטום וואָרנט מען אונדז פון די פענצטער: „באַהאַלט זיך, מען מאָרדעט!“

— פאַרוואָס? — פרעגט מיך די פרוי קאַץ פון דער קאָלעיוווקע.

נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין חשבון, בין איך אַריין אין דער וווינונג פון די עלטערן ווו איך האָב זיי קוים איבערצייגט זיין זאָלן זיך באַהאַלטן. נישט געווען קיין סך צייט צו דעצידירן. דער קעלער — און אַ פאַרשפאַרטער אָטעם. מיר וואַרטן... מיר הערן אַיין „ה ע ר א ו ס!“. עמעץ פליסטערט „שמע ישראל!“ די איבעריקע זענען פאַרשטומט געוואָרן.

אין דער הייך איז געבליבן אַמאַראַנט און נאָך מענער. מען הערט שלאָגן און הויכע קאָמענדעס. די פרויען ענטפערן „ביי דער אַרבעט“ — און דערנאָך פון די דייטשן „גוט“.

זיי זענען אַוועק, איבערלאָזנדיק אויף דער טיר אַן אויפשריפט „יודען פריי“. מיר זענען ניצול געוואָרן פון דער ערשטער מאַסאַקרע וואָס האָט געדויערט ביז ביינאַכט. און אין אָוונט האָט דער אויפטייענדיקער שניי זיך געפאַרבט מיט רויט... אומעטום, אויף די גאַסן און אין די שטובן — טויטע. מענער, פרויען, יונג און אַלט, קינדער און זויגלינגען. אַזוי האָבן מיר זיך באַקענט מיטן וואָרט „אַקציע“...

די ערשטע אַקציע אין אונדזער שטאָט איז אָרגאַניזירט און צוגעגרייט געוואָרן מיט אַלע פּיטשעוווקעס. די אויסגעגראָבענע ראָוועס פאַר דער ציגעלניע האָבן געדינט אַלס קברים פאַר ד ר ײ ט ו י ז נ ט ראָהאָטינער יידן.

די געסטאַפּאָ־לייט פון טאַרנאָפּאָל האָבן באַגינען אַרומגערינגלט דאָס געטאָ און דערנאָך געזוכט אין יעדן הויז. די אַנטלויפנדיקע האָט מען געשאָסן.

מענטשן האָבן נישט געגלייבט וואָס זיי דערוואַרט. ביז דער לעצטער מינוט האָבן זיי געהאַט די אילוזיע אַז מען נעמט זיי אַוועק אין אַרבעס־לאַגערן. דאָס פאָרפאָלק ווילינ האָט מיט אַ טשעמאָדאַנטשיק אין די הענט געוואַרט פאַר זייער הויז אויף די אָפּטיילונגען. זאָפיאַ שומאַכער האָט זיך געפרעגט, צי זי דאַרף מיטנעמען איר ניי־מאַשין און דעם ווינער דיפלאָם... ד״ר שומער־טייטעלבוים האָט געבעטן אַ דערלויבעניש צו זיין צוזאַמען מיטן טעכטערל. מען האָט אים גרויסמוטיק דערלויבט — און אין קויל האָט בײדע גלייכצייטיק דערשאָסן.

די אַנדערע האָט מען אויסגעשטעלט אין רייען. צו פיר אין אַ שורה — און מיט דער קאָמענדע מ אַ ר ש ! — האָט מען זיי באַפוילן גיין אין דער ריכטונג פון רינעק. אַז מען האָט צונויפגעזאַמלט דעם נייטיקן קאָנטיגענט, האָט מען זיי באַפוילן צו קניען. די בעסטיאַלישע שפּיל האָט זיך אָנגעהויבן.

מען פליקט אויס בערד. דעם אומגליקלעכן לוסטיג פון דער אַפּטייק האָט מען אָרויפגעשטעלט אויפן קאָפּ אַן עמער מיט וואַסער. און דערביי האָט מען אים געשלאָגן מיט דער קאָלבע. דערנאָך האָבן זיי זיך דערמאָנט, אַז די דאָקטוירים און דענטיסטן האָבן אַ רעכט צו שטיין אָן אַ זייט. זיי וועלן נאָך צונוץ קומען. פּאָר אייניקע אָבער, איז ליידער, שוין געווען צו שפּעט. דעמאָלט זענען אָפּגע־ראַטעוועט געוואָרן ד״ר קרייזלער, פּרוי קאַץ, ראטבאַום, די פּרייוואַלדס און אויך אַנדערע וואָס האָבן ארויסגעוויזן גענוג ענערגיע און אָריענטאַציע. די אויסגעקליבענע האָט מען אָפּגעזונדערט און די אַנדערע האָט מען ווי בהמות אויפגעלאָדנט אויף אויטאָס און אָוועקגעפירט אויפן פּלאַץ פון אומקום.

איבער די אויסגעגראָבענע גריבער האָט מען אָנגעהויבן קאָנטראָלירן וואָס יעדער פאַרמאָגט פון ביזשוטעריע און אָנטאָן. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן די שיסעריי. עס זענען געפאַלן טויטע און פאַרווונדעטע אין די קברים. אַ טייל זענען דאָרט אַריינגעשפּרונגען לעבעדיקערהייט, גלויבנדיק, אַז אַזוי וועלן די זיך אָפּראַטעווען.

געווען פאַלן פון צוריקומען פון דאָרט. צו די דאָזיקע לעבעדיקערהייט באַגראָבענע, וואָס האָבן זיך אומגעקערט, זענען געווען: די מוטער חנה יופּיטער, זי איז צוריקגעקומען מיט אָפּגעפרוירענע הענט, זי איז געלעגן אין גרוב עטלעכע שעה; מיין בעסטע חברטע לאהטשע איז געלעגן לעבן מעלניקן, גלייך זי וואָלט געשלאָפן; רעגאַ און ניוסאַ ווינטראַוב זענען לייכט פאַרווונדעטע געלעגן אין גרוב, רופנדיק נאָך הילף. ליידער, קיינער איז נישט געווען אימשטאַנד זיי צו העלפן. די אויסגעגראָבענע ראָוועס זענען געווען טיף און זיי האָבן זיך נישט געקאָנט רירן אונטער די מאַסע טויטע קערפּערס.

פּעפּא באָהנען און חנה ווידערקער — מיינע חברטעס פון די קינדער־יאָרן, זענען געלעגן טויט. און מיט זיי — די האָפענונג איבערצולעבן.

ביינאַכט האָבן אויף די גאַסן זיך אַרומגעדרייט פאַרצווייפלטע מאַמעס און געזוכט זייערע קינדער, די מענער — זייערע פרויען. אַמאָל האָט מען צווישן די טויטע געפונען נאָך אַ לעבעדיקן... יעדער שטוב האָט געהאַט אירע קרבנות און איבערגעלעבט אַ טראַגעדיע.

צומאָרגנס און אין די שפּעטערדיקע טעג איז קאָנאָפּאַדע מיט זיין באַנדע פאָלקסדויטשן אַרומגעפאָרן איבערן געטאָ, צונעמענדיק דאָס מעבל און זאַכן פון די דערמאָרדעטע.

די יידן האָבן אויף אַ געהיימען אופן אויפגערוימט די טויטע קערפּערס און זיך באַמיט זיי צו ברענגען צו קבר ישראל. דער באַפעל האָט געלויטעט: אַריינוואַרפן זיי אין די מאַסן־גריבער, באַגיסן מיט בענזין און פאַרברענען!

20 מ ע ר ץ 1942 — דער ערשטער ברידער־קבר פון ראָהאַטינער יידנטום.

**צבי וואָהל**, ניו־יאָרק

# חורבן ראָהאַטין

דער מחבר פון דער אַרבעט, אַ ראָהאַטינער, פון באַרוף אַ לערער, איז געווען אין געטאָ פון יאָר 1941 ביז 1943. דערנאָך — אין די וועלדער, ביז דער באַפרייאונג (24.7.44).

## אַנגעהויבן האָבן די אוקראַאינער

10 טעג נאָכן אויסברוך פון דייטש־סאָוויעטישן קריג, האָבן אין שטאָט זיך באַוויזן די ערשטע דייטשן. די מאַכט האָבן איבערגענומען די אָרטיקע אוקראַאינער, וועלכע האָבן זיך באַלד אויסגעצייכנט מיט פאַרפאָלגן יידן. בראש פון דער נייער שטאָט־מאַכט איז געשטאַנען דער גלח טעלעשטשוק.

דעם ערשטן שבת האָבן די אוקראַאינער אָרגאַניזירט אַ גרויסע אַקציע קעגן יידן. אוקראַאינישע מיליציאָנערן האָבן אַלעמען געשלעפּט אין בית־המדרש אַריין און דערביי געשלאָגן מכת־רצח. די פני פון דער יידישער קהילה האָט מען געפירט מיט שטריק אויף די העלדזער. אַזוי האָט מען צוזאַמענגעבראַכט ביי אַ 500 יידן און זיי דאָרט אָפּגעשלאָסן. זיי האָבן זיך געקליבן אַלעמען צו פאַר־ברענען לעבעדיקערהייט. אין בית־המדרש זענען געווען נאָר מענער. די פרויען מיט די קינדער האָט מען נישט געטשעפּעט. זענען די פרויען אַוועק בעטן רחמים ביים פּאָליציי־קאָמענדאַנט באַטשינסקי. ער האָט געענטפערט, אַז אויב זיי וועלן דאָס קליינע בית־המדרש אָנפולן מיט זאַכן — וועט ער אַלעמען באַפרייען.

הונדערטער פרויען און קינדער האָבן טאַקע פאַרפולט דאָס בית־המדרש מיט שפּייז־אַרטיקלען, מאַנופאַקטור און לעדער — און מ׳האָט די יידן באַפרייט.

צומאָרגנס זענען פון די אַרומיקע דערפער זיך צוזאַמענגעלאָפן טויזנטער פויערים, כדי שלאָגן און באַרויבן די אָרטיקע יידן. אַדאַנק דער אינטערווענץ פון די דייטשן, איז נישט געקומען צו אַ פּאָגראָם. די געשעעניש האָט זיך דאַן געענדיקט מיט עטלעכע צענדליק צעשלאָגענע יידן.

די פויערים האָבן דאַן אויסגעלאָזט דעם כעס צו די דאָרפס־יידן. ווי אויף אַ באַפעל, האָט מען אַלע יידן אַרויסגעיאָגט פון די דערפער. זיי זענען געקומען אין שטאָט אַריין צעשלאָגענע און דערציילט שוידערלעכע זאַכן, וואָס די אָרטיקע פויערים, לאַנגיאָריקע שכנים, האָבן זיי אָנגעטאָן. אַ מערהייט דאָרפס־יידן איז נישט געקומען קיין ראָהאַטין, ווייל מ׳האָט זיי אויפן אָרט דערמאָרדעט.

אין דאָרף דזשיטשקי האָבן די אָרטיקע פויערים דערמאָרדעט אויף אַ שרעקלעכן אופן די פאַמיליע מאַנטעל. מ׳האָט אַלעמען דערהרגעט מיט אַ קאָסע און באַגראָבן אין שטאַל. זעט אויס, אַז די מערדער האָבן זיך נישט געקאָנט צעטיילן מיטן רויב, האָבן זיי ווידער אויסגעגראָבן די דערמאָרדעטע און געזוכט אין זייערע קליידער גאָלד און דאָלאַרן. זיי האָבן גאָרנישט געפונען — אָבער די טויטע קערפּער האָט מען שוין איבערגעלאָזט אויפן מיסט און נישט באַגראָבן.

מיט אַ חודש שפּעטער איז דערגאַנגען צו דער דייטשישער מאַכט די ידיעה וועגן צוגערויבטן געלט ביי מרדכי מאַנטעל. מ׳האָט די מערדער אַרעסטירט,

אָפּגענומען די געלטער און זיי באַפרייט. וועגן די מערדערייען האָט מען קיין אויספאָרשונג נישט פאָרפירט.

## אַרעמבענדער און קאָנטריבוציעס

אויפן באַפעל פון גלח טעלעקטשוק האָבן די יידן געמוזט אָנטאָן אַרעמבענדער: אַ מגן־דוד מיטן אויפשריפט „יודע". דערנאָך איז געקומען דער באַפעל צו שאַפן אַ געטאָ. ס'איז באַשטימט געוואָרן דער ערגסטער טייל פון שטאָט, מיט איינגע־פאַלענע הייזקעס און ענגע צימערן. דאָרט האָט מען בגוואַלט אַריינגעשטופּט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג (העכער 5 טויזנט נפשות). די דאָזיקע אַקציע איז אַדורכגעפירט געוואָרן אין משך פון איין טאָג. מ'האָט דערביי אַכטונג געגעבן, אַז יידן זאָלן מיט זיך מיטנעמען בלויז קליינע פּעקלעך. ערשט אין אַ יאָר אַרום איז דאָס געטאָ געוואָרן אינגאַנצן געשלאָסן, ס'איז נישט דערלויבט געווען אַריינ־צוגיין און אַרויסצוגיין פון דאָרט.

מיר האָבן באַלד פון ערשטן טאָג געפילט דעם שווערן עול פון צוואַנגס־אַרבעט. אין אָנהייב איז עס פאָרגעקומען אויף אַ כאַאָטישן אופן. יעדער אוקראַינער האָט זיך געכאַפּט יידן, ווי זיין האַרץ האָט געגלוסט און זיי געצוווּנגען צו אַרבעטן ביי זיך. שפּעטער איז דאָס שוין פאָרגעקומען אָרגאַניזירטערהייט. יעדן טאָג פלעגן אַרויסגיין צו דער אַרבעט עטלעכע הונדערט יידן.

דער גאַנצער עול פון אַרבעט איז פון סאַמע אָנהייב פון געטאָ ביז דער ליקווידאַציע, געפאַלן אויף די פּלייצעס פון דער אָרעמער יידישער באַפעלקערונג. פאַרמעגלעכע יידן פלעגן שיקן געדונגענע אַרבעטער צו פאַרטרעטן זיי אויף דער צוואַנגס־אַרבעט. הגם ס'זענען געווען אָפטע טויט־פאַלן ביי דער אַרבעט, האָבן זיך געפונען פיל בעלנים צו פאַרדינגען זיך און פאַרדינען אויף איבערצולעבן די שלעכטע צייטן, ווייל אַזוי גרויס איז געווען די נויט. יעדן טאָג זענען געבליבן גענוג יידן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו פאַר־דינען אַפילו אויף אַזאַ אופן.

די פאַקטישע דייטשישע מאַכט אין ראָהאַטין האָט זיך ערשט איינגעשטעלט מיט אַ חודש שפּעטער. דער קרייזהאַופּטמאַן אַסבאַך האָט געהאַט זיין זיץ־אָרט אין בזשעזשאַני. אַלס לאַנדס־קאָמיסאַר איז צוגעשיקט געוואָרן אַ געוויסער קאָכעל. דאָס איז געווען אַ קליינגעוווּקסיקער פאַרשוין, מיט אַ העסלעכן אויסזען און נאָך העסלעכערע אויסדרוקן. ער האָט געהאַט אַ טבע צו באַווייזן זיך אָפט אין געטאָ אינעם צוגעריבטן ביי די יידן פּיאַקער, אויסגעפּוצט אין געגזלטע יידישע מלבושים. ער פלעגט זיך אויך באַווייזן אינעם אָפיציר־מונדיר פון ס. ס. אַלע זיינע באַפעלן האָבן מיר גלייך דערפילט. זיין ערשטע גזרה איז געווען: אַ קאָנטריבוציע פון אַ מיליאָן זלאָטעס אין משך פון פערצן טעג.

מיר זענען געווען אין גרויס פחד צוליב דער גזירה. צום גליק האָט מען די דאָזיקע קאָנטריבוציע אויך געקאָנט באַצאָלן אין אַלט פּויליש געלט און אין רוסישע רובלס. דער יודענראַט האָט מיט גרויס אייפער צונויפגעזאַמלט די געפאָ־דערטע סומע, אויך אין די אַרומיקע שטעטלעך. די אַרויפגעלייגטע קאָנטריבוציע איז צום טערמין באַצאָלט געוואָרן.

## אַ ווידערשטאַנד די כוליגאַנעס

מיר זענען געווען אינגאַנצן איזאָלירט פון דער אַרומיקער וועלט. נאָך די יום־טובים איז דאָך צו אונדז דערגאַנגען די ידיעה, אַז אין סטאַניסלאַוואָוו איז אין הושענה־רבה פאָרגעקומען אַ גרויסער פּאָגראָם. עס זענען דאָן אומגעקומען 10 טויזנט יידן. הגם די ידיעה איז געווען אַ ריכטיקע, האָט מען עפּעס נישט געוואָלט גלייבן. יידן האָבן געוואָלט זוכן פאַרשידענע סיבות אויף צו געפונען אַ פאַרענטפער פאַר אַזאַ מערדעריי.

אין די ערשטע טעג חנוכה איז אין געטאָ אַריין אַ גרופּע באַוואָפנטע זשאַנ־דאַ־ן און אַרעסטירט צען אָנגעזעענע יידן. צומאָרגנס איז אַרויס אַ באַפעל, אַז אַלע יידן דאַרפן אַרויסגעבן דאָס גאַנצע פוטערוואַרג וואָס איז אין זייער רשות.

שפּעטער, בעת אַ נייער אַקציע, האָט מען ביי אייניקע יידן געפונען אַ טייל פוטער־זאַכן. האָט מען די דאָזיקע יידן אומגעבראַכט (וואָלף זידער און חנה שאַטיילער).

נאָכדעם איז אַ באַנדע ס.ס.־לייט באַפאַלן דאָס געטאָ און אַדורכגעפירט אַ שפּייז־אַקציע. מ׳האָט פון יעדער יידישע וווינונג צוגענומען דאָס גאַנצע שפּייז וואָס מ׳האָט נאָר געפונען.

אין די ווינטער־חדשים פון 1941—1942, האָט מען איבערגעלעבט אין געטאָ אייניקע איבערפאַלן פון די אוקראַינער. אין די פאַרנאַכט־שעהן פלעגן זיך אַריינ־לאָזן אין געטאָ עטלעכע גוט געשפּאַנטע שליטנס, מיט דריי־פיר יינגע כולי־גאַנעס אויף יעדן איינעם. זיי האָבן געכאַפּט אַ צופעליק־דורכגייענדיקן ייד און מיט אים אַוועקגעפאָרן. דעם פאַרכאַפּטן יידן האָבן זיי הינטער דער שטאָט אויסגעטאָן נאַקעט, צגענומען זיינע קליידער — און צוריק אָפּגעלאָזט אין געטאָ.

וועגן אַזאַ איבערפאַל, אויסגעפירט דורך דער אָרטיקער אוקראַינישער אינטעליגענץ, איז כדאי צו דערציילן. אַ באַנדע „אינטעלעגענטן״, בראש מיטן אָרטיקן אוקראַינישן אַנטיסעמיט סטריסקי, זענען באַפאַלן דעם יידישן אַדוואָקאַט קאָץ, אים צעשלאָגן און באַרויבט. צום גליק, האָט זיך אויפן אָרט געפונען אַ גרופּע יידישע יינגעלייט וואָס האָט די אָנפאַלער גוט אָנגעבראָכן די ביינער. דאָס האָט שטאַרק געקרענקט די אוקראַינישע פּני: סטייטש, יידן זאָלן וואַגן זיך אַנטקעגנצושטעלן זייערע כוליגאַנישע מעשים. האָט דער אוקראַינישער קאָמיטעט געשיקט אַ פּעטיציע צום גענעראַל־גובערנאַטאָר פראַנק אין קראָקע, מ׳זאָל זיי דערלויבן אומצוברענגען די ראָהאַטינער יידישע קהילה. צווישן אַנדערע האָבן די דאָזיקע פּעטיציע אונטערגעשריבן: ד״ר מעלניק, דער גלח קודריק, דער וויצע־סטאַראָסטע חריצישין א. אַ.

פאַרשטייט זיך, אַז די פּעטיציע האָט געווירקט און דערפירט צום גרויסן חורבן פון ראָהאַטינער יידן אין מערץ 1942.

## דער חורבן

אין דער העלפט פעברואַר 1942, האָט מען נישט ווייט פון שטאָט אָנגעהויבן גראָבן גריבער קעגן טאַנקען. מ׳האָט יעדן טאָג אַרויסגעטריבן צו צוויי־הונדערט

מאַן, וואָס האָבן אין די ליים־בערג געבויט אַנטי־טאַנק גריבער. די אַרבעט איז געווען אַ שווערע, נאָר מ׳האָט זי אָנגענומען מיט פרייד, זעענדיק אין דעם אַ דערנענטערונג פון היטלערס מפּלה.

די אַרבעט איז באַשטאַנען אין צוגרייטן צווײ ריזן־גריבער, פּערציק מעטער די לענג, צוואַנציק די ברייט און אַזויפיל — טיף. מיר האָבן די דייטשן געוווּנטשן, אַז די „טאַנקען־שטעלן״ זאָלן זיי דינען אַלס קברים. מיר האָבן זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון, אַז דאָס גראָבט מען מאַסן־קברים פאַר זיך, פאַר דער גאַנצער שטאָט יידן. די דאָזיקע אַרבעט האָט געדויערט ביזן 20־טן מערץ 1942.

דאָס איז געווען אַ שיינער, הגם פראָסטיקער טאָג. פרייטיק, פינף פאַרטאָג, זענען אַ הונדערט מאַן אַוועק גראָבן די „טאַנקען־שטעלן״. אַנדערע ווידער האָבן געוואַרט ביי דער געביידע פון „יודענראַט״. פּלוצים זענען אין געטאָ אָנגעקומען אויטאָס מיט געסטאַפּאָ־לייט און אַ מאַסע ציוויליסטן. אַלע האָבן זיך געוואָרפן אין פאַרשידענע ריכטונגען פון געטאָ. אין דער צייט האָט זיך באַוויזן די אָרטיקע אוקראַאינישע מיליץ, וועלכע האָט אַרומגערינגלט דאָס גאַנצע געטאָ, אויסער די קרימינאַל־פּאָליציי און סתם באַוואָפנטע אוקראַאינער. דאָס געטאָ איז נאָך געשלאָפן. די גאַנצע באַוואָפנטע באַנדע האָט זיך איינגעטיילט אין קליינע גרופּן, און אָנגעהויבן אַרויסיאָגן די געטאָ־איינוווינער אויפן „רינגפּלאַץ״.

די געסטאַפּאָ האָט שוין באַוויזן צונויפנעמען די מיטגלידער פון יודענראַט און זיי אויסגעשטעלט אין רייען צוזאַמען מיט די וואָס האָבן באַדאַרפט גיין אויף אַרבעט. איינער אַ ייד האָט געפּרוווט זיך קעגנשטעלן, איז אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן.

דערהערנדיק דעם ערשטן שאָס, זענען זיך די יידן צעלאָפן אין אַלע זייטן. דערויף האָט די געסטאַפּאָ געעפנט אַ געדיכט פייער אויף די אַנטלויפנדיקע. דערמיט איז קלאָר געוואָרן דער ציל פון די דייטשן. די שחיטה האָט זיך אָנגעהויבן.

דער ערשטער שאָס וואָס איז געפאַלן, האָט מיך פון בעט אַרויסגעיאָגט. כ׳בין צו צום פענצטער און דערזען ווי דייטשן פירן צווײ יידישע מיידלעך. זיי ווערן דערשאָסן, די מיידלעך פאַלן טויט. כ׳האָב זיך שנעל אַרויסגעשלייכט פון שטוב און אַריין אין אַ ביידל, אַ מין סוכה. די דייטשן האָבן זיך שוין דער־נענטערט צו אונדזער הויז און אָנגעהויבן שרייען: „אַלע יודען הערויס! אויס־שטעלען זיך פאַמיליענסווייזע! ריכטונג — רינגפּלאַץ! לאָז! לאָז!״ די אַקציע איז שוין געווען אין פולן ברען.

יידן, אַנטלויפנדיק צום יודענראַט, האָבן פּרובירט זיך אַרויסצורייסן פון געטאָ דורך דער בריק איבער דער גנילא ליפּאַ. דאָס איז געלונגען נאָר יחידים. אַלע אַדורכגענג זענען אַרומגעשטעלט געוואָרן מיט באַוואָפנטע לייט. ס׳פאַלן הונדערטער טויטע און פאַרוווּנדעטע. טייל יידן פאַרשטעקן זיך אין די קלאָזעטן, אין הילצערנעם קלויסטער, וואָס שטייט נישט ווייט פון געטאָ — און פיל לויפן צוריק אין געטאָ.

די אוקראַאינער פון די אַרומיקע דערפער זענען זיך צוזאַמענגעפאָרן, כדי זיך צוקוקן צו אונדזער חורבן און אויך העלפן די דייטשן אין זייער אויסראָטונג־אַרבעט. פון דער סוכה, ווו כ׳בין געלעגן באַהאַלטן, האָב איך געזען ווי די

אוקראַינער האָבן די טויטע און פאַרווונדעטע יידן געכאַפּט ביי די הענט און פיס און זיי אַריינגעוואָרפן אין וואַסער, באַגלייט מיט אַ ווילד געלעכטער פון די צושויער. די דאָזיקע אויסוורפן האָבן זיך געיאָגט נאָך יעדן יידן, וועלכער האָט זיך באַהאַלטן און אים צוריקגעברענגט אויפן זאַמלפונקט.

אין אָט דעם בלוטיקן גערודער איז פלוצים אַריינגעלאָפן אַ פרוי פון אויסער דעם געטאָ. דאָס איז געווען אַדעלע בריק. זעט אויס, אַז זי האָט נישט געוווּסט וואָס דאָ קומט פאָר. זי איז יענע נאַכט נישט געווען אין געטאָ. דער אוקראַינישער מיליציאָנער דזשעראַ האָט איר געשאָסן גלייך אין פנים. זי איז שווער פאַר־ווונדערט געוואָרן. אין אַזאַ צושטאַנד איז זי לאַנג אַרומגעלאָפן איבער די גאַסן, געפּאַטשט מיט די הענט ווי אַ פויגל מיט די פליגל און יאָמערלעך געשריגן: „מאַמע, מאַמע!" ביז זי איז אַ טויטע אַנידערגעפאַלן אויפן ברוק.

די אוקראַינערין זעלענענקאָ, וואָס האָט געוווינטביים טייך, האָט נישט איין ייד אויף איר געוויסן. ווען די פרוי בריק איז אַוועקגעפאַלן, האָט זעלענענקאָ געשיקט איר יינגע טאָכטער אַראָפּציען פון דער טויטער די שטיוול. זי האָט באַוויזן אַראָפּצושלעפּן נאָר איין שטיוול, דאָס מיידל האָט זיך דערשראָקן. די מוטער האָט איר צוגעגעבן מוט: „בעסיסיאַ ליובאַ, וואָנאַ ווזשע זדאָכלאַ" („האָב נישט קיין מורא, ליבינקע, זי איז שוין געפגרט").

מ'האָט צונויפגעזאַמלט אַלע יידן אויפן רינגפּלאַץ און זיי באַפוילן זיך צו לייגן מיטן פנים צו דער ערד. אויף זייערע רוקנס האָבן די געסטאַפּאָווצעס אַרומ־געשפּאַצירט מיט נאַהייקעס אין די הענט. אויפן שפּיץ פון אַזאַ נאַהייקע איז געווען אַ בליירנע קויל, וואָס מ'האָט מיט איין קלאַפּ איבערן קאָפּ געקאָנט אַוועקהרגענען אַ מענטש. פיל זענען געבליבן ליגן טויט. די לאַסט־אויטאָס האָבן כסדר געפירט יידן צו די גריבער.

דער וועג פון רינגפּלאַץ ביז די גריבער, איז געווען באַזייט מיט הונדערטער טויטע, וואָס זענען דערשאָסן געוואָרן, צעקוועטשט אָדער פאַרפרוירן געוואָרן פון קעלט, ווייל פיל זענען אַרויסגעיאָגט געוואָרן גלייך פון די בעטן און האָבן זיך נישט געקאָנט אָנטאָן.

אָנקומענדיק צו די גריבער, האָט מען די יידן אויסגעשטעלט צו פינף אויפן בריקל איבערן גרוב און זיי געשאָסן. אין גרוב זענען אַריינגעפאַלן פיל לייכט־און שווער־פאַרווונדעטע. אויף זיי האָט מען אַריינגעוואָרפן די ווייטערדיקע קרבנות. איניקע, וואָס זענען, נאָכן שיסן, געבליבן ביים לעבן, האָבן זיך אַרויס־באַקומען פון אונטערן באַרג טויטע קערפּער און אַרויס פון די גריבער. לײדער, נישט פיל פון זיי האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן.

ביז פאַרנאַכט האָט געדויערט די דאָזיקע שחיטה. אומגעקומען זענען דאַן ביי אַ פיר טויזנט יידן.

די געסטאַפּאָ האָט גענומען צוואַנציק יידן אויף צו רייניקן די גאַסן. צומאָרגנס האָט מען געכאַפּט יידן אויף צו פאַרשיטן די קברים. ביי אָט דער אַרבעט איז מען געווען באַשעפטיקט לאַנגע וואָכן, ווייל דער אָנגעשיטער באָדן אויף די דער־מאָרדעטע האָט געהאלטן אין איין זינקען. ס'האָט זיך געדוכט, אַז די ערד קאָכט און זידט פון פאַרגאָסענעם בלוט.

**שבע ווילער־לעדערמאַן** / ניו־יאָרק

# דער גהינום-וועג פון אַ ראָהאַטינער יידיש מיידל

(פאַרצייכנט פון יעקב קענער ז״ל *)

זומער 1941, נאָכדעם ווי די דייטשן זענען אַזוי אומגעריכט און פאַרעטעריש באַפאַלן רוסלאַנד, זענען זיי אַריין קיין ראָהאַטין. די שטעטלדיקע איינוווינער, צוזאַמען מיט די צוגעקומענע פליטים פון די מערב־געביטן אין די יאָרן 1939—40, האָבן נישט באַוויזן צו אַנטלויפן. פאַר זיי האָט זיך איצט אָנגעהויבן אַ לעבן פון שוידער, פאַרפאָלגונגען, רציחות, הונגער און נויט. די ברוטאַלע דייטשישע מאַכט האָט געוויזן אירע נעגל כלפּי דער יידישער באַפעלקערונג — און די אָרטיקע פּאָלאַקן און אוקראַינער האָבן אַקטיוו מיטגעהאָלפן אין דער אַנטי־יידישער פּאָליטיק.



דעם 20־טן מערץ 1942, 7 פרי, איז אַ באַדייטנדיקע צאָל דייטשישע שטורמיסטן באַפאַלן די שטאָט און געמאַכט אַ שוידערלעכן פּאָגראָם אויף דער יידישער באַפעלקערונג. די ס.ס. לייט זענען אַריין אין שטעטל מיט אַ ווילדער רציחה. יעדן איינעם, וועמען זיי האָבן געטראָפן אויפן וועג — אַ מאַן, פרוי, אָדער קינד, האָבן זיי גלייך דערשאָסן אויפן אָרט. אין דער באַגלייטונג פון דער אָרטיקער אוקראַינישער פּאָליציי, האָבן זיי זיך געלאָזט איבער די יידישע הייזער, אַרויסגעשלעפּט די דערשראָקענע יידן פון זייערע באַהעלטענישן און אַלעמען דערשאָסן. ס׳זענען אין איין טאָג אומגעקומען ביי אַ דריי טויזנט נפשות.

זי אַליין, שבע׳לע ווילער, ווען זי איז דורך די ערשטע שאָסן אויפגעוועקט געוואָרן פון שלאָף און באַמערקט דורכן פענצטער וואָס ס׳קומט פאָר אויף דער גאַס, האָט זי אויף גיך געכאַפּט אויף זיך אַ מאַנטל, אים אַרויפגעוואָרפן

---

*) אין דער תל־אביבער „ניי־וועלט" פון אויגוסט 1949, זענען דערשינען אַ סעריע אַרטיקלען פון יעקב קענער א. נ. „הערא͏ָישע טאָטן פון אומבאַקאַנטע העלדן", צווישן וועלכע ס׳איז אויך פאַרעפנטלעכט געוואָרן די דערציילונג פון דעם ראָהאַטינער מיידל שבע ווילער (איצט — אין ניו־יאָרק). די רעדאַקציע פון בוך האָט באַשלאָסן איבער־צודרוקן די דאָזיקע אַרבעט און איז דערביי דאַנקבאַר דער פרוי שבע ווילער־לעדערמאַן פאַר איר צושיקן אַ ריי אויסבעסערונגען און ריכטיקשטעלונגען, וואָס זענען דורך אונדז אַריינגעפירט געוואָרן. די דאָזיקע ענדערונגען פאַרמינערן נישט אויף אַ האָר די עצם דערציילונג אירע פאַר י. קענער אין ניו־יאָרק, ווען זי איז אַהין אָנגעקומען אין יאָר 1946.

שבע ווילער איז בעתן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אַלט געווען 19 יאָר. זי איז געבוירן געוואָרן און געלעבט אין ראָהאַטין, זייענדיק באַשעפטיקט אַלס אָנגעשטעלטע אין דער אָרטיקער יידישער בוכהאַנדלונג פון שלמה קרייזלער

אויפן שלאָפהעמד, זיך אַרויסגעכאַפּט פון שטוב און זיך באַהאַלטן אין אַ נאָענטן קלאָזעט וואָס הינטערן הויז. זי האָט זיך אָבער שנעל אָריענטירט, אַז דאָס דאָזיקע אָרט איז נישט קיין זיכער באַהעלטעניש. זי איז פון דאָרטן אַרויס און דורך פאַרשידענע הינטערוועגן, גערטנער און פעלדער, זיך געלאָזט לויפן ביז הינטער דער שטאָט. אַזוי לויפנדיק, האָט זי נאָך געהערט ווי אוקראַינישע שילער, וואָס זענען אין דער זעלבער צייט געגאַנגען אין שול אַריין, האָבן געזאָגט:

— זע נאָר, אַ יידישקע אַנטלויפט. מ׳דאַרף וועגן דעם מעלדן די דייטשן!

דערהערנדיק די דאָזיקע ווערטער, האָט זיך שבע געלאָזט לויפן מיט אַ נאָך גרעסערן אימפּעט, ביז זי האָט דערגרייכט אַ קליין פּויעריש שטיבל ווייט הינטער דער שטאָט, נעבן וואַלד. ווילנדיק אַריינלויפן אין דאָזיקן פּויערישן הייזל, האָט זיך שבע אויסגעגליטשט און געבליבן ליגן אַן אויסגעשעפּטע, פאַר־מאַטערטע און — אַ פאַרחלשטע. פּונקט אין זעלבן מאָמענט האָט די פּויערטע זיך אומגעקערט פון שטאַל, ווו זי האָט געגעבן דער קי עסן. דערזעענדיק אין אַזאַ פּראָסט ליגן אַ פאַרחלשט מיידל, האָט זי אַרויסגערופן פון שטוב איר מאַן.ביידע האָבן זי אַריינגענומען אינעווייניק, דאָרט האָט מען זי אָפּגעמינטערט און געגעבן אויסצוטרינקען אַ גלאָז וואַרעמע מילך.

די גוטע פּויערטע האָט זיך געהאַלטן אין איין צלמען און כסדר איבער־געחזרט פאַר איר מאַן, אַז פאַריקע נאַכט האָט זיך איר געחלומט ווי ס׳איז צו זיי געקומען אַ מיידל אָנגעטאָן אין ווייסן און געבעטן הילף. נישט אַנדערש, דאָס מיידל איז אַ מלאך פון גאָט און דעריבער מוז זי איר העלפן. זי איז זיכער, אַז דאָס מיידל וועט איר ברענגען מזל: די קי וועט איצט געבן מער מילך, די הינער וועלן לייגן אַ סך אייער און זומער וועלן זיי האָבן אַ גרויס גערעטעניש אויפן שטיקל פעלד.

דער פּויער איז אַוועק אין שטעטל זוכן אַרבעט און די פּויערטע איז אַרויס אין קאַמער, כדי אַריינצוברענגען אַביסל האָלץ. אין דער זעלבער צייט האָט שבע פּלוצים דערזען דורכן פענצטער, ווי ס׳קומען אָן עטלעכע אוקראַינישע פּאָליציאַנטן. פלינק ווי אַ קעצל, איז זי אויף שנעל אַרויפגעקראָכן אויפן פּיע־קאַליק און זיך דאָרטן פאַרוקט טיף הינטערן קוימען־ווענטל מ׳זאָל זי נישט אַרויסזען.

די פּויערטע האָט זיך באַלד צוריקגעקערט מיטן האָלץ אויף די הענט און צוזאַמען מיט איר זענען אַריין עטלעכע פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן חוקר־ודורש־זיין צי ס׳געפינט זיך ביי איר אַ באַהאַלטענע יידישקע. די פּויערטע האָט נישט געוווּסט צי שבעלע געפינט זיך אויפן פּיעקאַליק. זי האָט געמיינט, אַז זי איז שוין אַוועק. איז זי געווען זיכער, אַז דאָס איז טאַקע נאָר אַ מלאך, וועלכן זי האָט געזען אין חלום. האָט זי זיך ווידער איבערגעצלמט און פאַרזיכערט די פּאָליציאַנטן, אַז ביי איר אין שטוב איז קיינער נישטאָ. דערוויייל האָט זי אַריינגערוקט עטלעכע שייטלעך האָלץ אין דער הרובע — און אויפן פּיעקאַליק איז געוואָרן הייס, נישט אויסצוהאַלטן. די פּאָליציאַנטן האָבן געזאָגט, אַז זיי

וועלן נאָך זוכן אין שטאַל, קעלער, אויפן בוידעם און אין דער סטאָדאָלע. אויב זיי געפינען דאָרט די יידישקע, וועט מען זי דערשיסן און די פויערטע — אַרעסטירן.

שבע׳לע איז געזעסן אויפן פיעקאַליק, זיך ממש געבראָטן אין דער היץ און פון טויט־אַנגסט האָט איר געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן... די פויערטע האָט זיך געהאַלטן אין איין צלמען, ביז די פּאָליציאַנטן זענען צוריקגעקומען און איר אָנגעזאָגט מיט דער גאַנצער שטרענגקייט, אַז אויב ס׳וועט קומען אַ יידישקע, זאָל זי דאָס מיידל פאַרהאַלטן און תיכף מעלדן דער פּאָליציי וועגן דעם. דערפאַר וועט זי באַקומען פון די דייטשן אַ פונט צוקער און אַ פּעקל טאַבאַק...

ערשט נאָכדעם ווי די פּאָליציאַנטן זענען אַוועק און די פויערטע איז ווידער אַרויס אין קאַמער, איז שבע אַראָפּגעקראָכן פון הייסן פיעקאַליק. היות דער פויער איז נישט געווען אין שטוב און איר איז געווען הייס, האָט זי אויסגעטאָן דעם מאַנטל און געבליבן זיצן אין בלויזן העמד, ווייל קיין קליידל האָט זי דאָך נישט געהאַט אויף זיך.

בינו לבינו איז די פויערטע צוריק אַריינגעקומען און דערזעענדיק זי זיצן אין אַ ווייס העמד, איז זי שוין געווען „זיכער״, אַז דאָס איז טאַקע דער זעלבער מלאך וועלכן זי האָט ביינאַכט געזען אין חלום... די פויערטע האָט זיך ווידער אָנגעהויבן צלמען, געכאַפּט שבע׳ס הענט צום קושן און זי געבעטן, אַז זי, שבע, זאָל פּועלן ביי גאָט, אַז איר קו זאָל געבן אַ סך מילך און די הינער זאָלן לייגן אַ סך אייער...

די פויערטע האָט געשטראַלט פאַר שמחה: אַ קלייניקייט, אַ מלאך ביי איר אין שטוב... שבע האָט איר צוביסלעך אויפגעקלערט ווער זי איז, וואָס עס קומט פאָר אין שטעטל, ווי אַזוי זי איז פון דאָרטן אַנטלאָפן און געבעטן קיינעמען נישט אויסזאָגן, נאָר איר דערלויבן ביי איר זיך אויסצובאַהאַלטן ביז מאָרגן — און דערפאַר וועט זי פאַר איר גאָט בעטן...

בקיצור: די פויערטע האָט שבען געגעבן אָנצוטאָן אירס אַ קליידל, דערלאַנגט איר עסן און געלאָזט איבערנעכטיקן. אויף צומאָרגנס איז דער פויער פרי געגאַנגען אין שטאָט אַריין דערוויסן זיך צי ס׳איז שוין רואיק. ווען ער איז צוריקגעקומען מיט דער ידיעה, אַז די שטורמיסטן זענען שוין אַוועק פון שטעטל, האָט זיך שבע אָנגעטאָן אויפן קאָפּ אַ פויעריש טיכל און פאַרנאַכט, ווען ס׳האָט שוין געטונקלט, האָט זי דורך הינטערוועגן זיך אַריינגעשלייכט צוריק אין שטעטל.

דאָס שטעטל איז געווען פול מיט הרוגים, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן — אָבער איר מוטער און שוועסטער האָט זי געטראָפן לעבעדיק. די מוטער איז געלעגן באַהאַלטן אין אַ האָלץ־קעמערל, בעת די שוועסטער איז עטלעכע שעה געווען באַהאַלטן אין קלאָזעט, ממש אין דער עפענונג פון דער אוביקאַציע, שטייענדיק ביזן גאַרטל אין שמוץ... ערשט ווען די דייטשן זענען אַוועק פון שטעטל, נאָכדעם ווי זיי האָבן שוין געהאַט אויסגעשאָסן אַ 3000 נפשות, איז די מוטער אַרויס פון איר באַהעלטעניש. ווען זי איז אַרומגעגאַנגען

איבערן הויף זוכן אירע קינדער, האָט זי דערהערט די הילפס־רופן פון איר עלטערער טאָכטער. די מוטער האָט דאַן גערופן עטלעכע מענטשן צו הילף און די טאָכטער אַרויסגעשלעפּט פון דער אוביקאַציע.

זיי ביידע, די מוטער מיט דער עלטסטער טאָכטער, זענען געוועזן זיכער, אַז זי, שבע, געפינט זיך צווישן די דערשאָסענע. די דאָזיקע „זיכערקייט" און סיי זייער אייגענע שרעק, האָבן זיי אַזוי טיף דערשיטערט, אַז ווען שבע איז צומאָרגנס אָוונט אַהיימגעקומען, זענען זיי נאָך אַלץ געזעסן ווי פאַרשטיינערט...



נאָך דעם שוידערלעכן פּאָגראָם פונעם 20־טן מערץ, וואָס די דייטשן האָבן דורכגעפירט אויף דער יידישער באַפעלקערונג אין ראָהאַטין, האָבן די לעבנ־געבליבענע 1800 יידישע נפשות — צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען שבע׳לע ווײַלער מיט איר משפחה — שוין געהאַט עטלעכע „רואיקע" חדשים. די „רואיקייט" האָט אָבער געדויערט בלויז ביז יום־כפור, וואָס איז אויסגעפאַלן דעם 21־טן סעפּטעמבער 1942. די דייטשן זענען פּלוצים באַפאַלן דאָס שטעטל און אַרויסגעשלעפּט פון די בתי־מדרשים און מנינים אַלע יידן וועלכע האָבן זיך דאָרט צונויפגעקליבן צו די יום־כפורדיקע תפילות. זיי האָבן די יידן אויפ־געלאָדן אויף לאַסט־אויטאָס, כדי זיי צו דעפּאָרטירן אין די גאַז־קאַמערן פון בעלזשעץ און וועלכער ייד ס׳האָט נאָר געפּרוווט זיך אָפּבעטן, האָבן זיי אים דערשאָסן אויפן אָרט.

זייער אַ קליינע צאָל פון יידישע פרויען און מיידלעך זענען דעמאָלט געבליבן לעבן. צווישן די על־פּי־נס לעבנגעבליבענע, האָבן זיך אויך געפונען שבעלע ווײַלער מיט איר שוועסטער און מוטער גיטל, וועלכע זענען 24 שעה געלעגן באַהאַלטן אין אַ גוט מאַסקירטן בונקער. אַרויסקומענדיק אויף צו מאָרגנס פון זייער באַהעלטעניש, האָט די אלמנה גיטל ווײַלער געזאָגט צו שבע׳לען: „קינד מיינס, איך זע דאָך, אַז מיר זענען פאַרלוירן, טאָ נאַ דיר אַ ביסל געלט און פּרוּוו זיך ראַטעווען, אַנטלויפן צו די גויים. אוקראַיניש רעדן קענסטו גוט, טאָ מאַך דיר אַ גויאישן דאָקומענט אויפן נאָמען פון אַ באַקאַנטער שיקסע און אַנטלויף ווּ די אויגן וועלן דיר טראָגן"...

אינעם שטעטל האָבן זיך דעמאָלט געפונען צוויי פרעמדע מענטשן — איינער אַ ייד און דער צווייטער אַ פּאָלאַק — וועלכע האָבן געלעבט אין אַ געהיימען קעלער און דאָרט האָבן זיי פאַר געלט אויסגעאַרבעט אַרישע דאָקומענטן.

שבע׳לע ווײַלער האָט זיי אַהינגעטראָגן איר דאָקומענט מיט אַ פאָטאָגראַפיע און די „מאַכערס" האָבן אויף אַ כעמישן אופן „אויסגעוואַשן" איר נאָמען און דאָרטן אַריינגעשריבן אַ צוגעטראַכטן אוקראַינישן נאָמען. „באַוואָפנט" מיט דעם דאָזיקן נייעם דאָקומענט, האָט זיך שבע׳לע געלאָזט אין גאַס אַריין, כדי צו געפינען אַ מיטל ווי אַזוי זיך אַרויסצוגבענען פון ראָהאַטין.

גייענדיק אַזוי אין גאַס מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, האָט זי באַגעגנט אַ באַקאַנטן אוקראַינער מיטן נאָמען קרופּקאָ, וועלכן זי האָט געקענט פון יענער צייט, ווען






תמונה מהגיטו עשויה בנובמבר 1942
בשביל מסמך מזויף ע״ש האַנקה בוצ׳ק
Hanka Buczek

שבע ויילר, כעת: Sylvia Lederman
בניו־יורק

מסמך בשם פולני בתור האַנקה בוצ׳ק
Hanka Buczek
כעובדת בבית־חולים בשטוטגארט, 1943

וי האָט געאַרבעט אין דער שטעטלדיקער בוכהאַנדלונג. שבע׳לע האָט זיך פאַר אים אָנפאַרטרויט און קרופקאָ, וועלכער איז בעת דער סאָוויעטישער מאַכט געווען דער פאַרוואַלטער פון די שטאָטישע קאָאָפּעראַטיוון, האָט איר דערציילט אַז איצט אַרבעט ער ביי די דייטשן אין בראָד אַלס אַפּראָוויזאַציע־באַאַמטער, זיין פרוי מיט זייער קינד זענען שוין אין בראָד און ער איז געקומען אַהער מיט אַ לאַסט־אויטאָ, כדי זיך איבערצופירן די מעבל און ער איז גרייט זי מיטצונעמען קיין בראָד אַלס גוווערנאַנטקע צו זייער זונעלע.

שבע ווײלער האָט תיכף מסכים געווען דערצו און זיי האָבן אָפּגערעדט צווישן זיך, אַז 12 אַ זייגער אין מיטן דער נאַכט טרעפן זיי זיך אונטערן שטאָט. צו דער באַשטימטער צייט האָבן זיי זיך געטראָפן און קרופקאָ האָט איר געהייסן אַריינקריכן אין אַליידיקע קליידער־שאַנק, וואָס איז געלעגן אויפן לאַסט־אויטאָ, כדי אויף אַזאַ אופן צו זיכערן איר אָנקומען קיין בראָד.

אויפן וועג האָבן דייטשע מיליטערישע פּאַטרולן עטלעכע מאָל אָפּגעשטעלט דעם אויטאָ און לעגיטימירט קרופקאָן. זיי איז אָבער גאָרנישט איינגעפאַלן צו

רעווידירן די אַלטע מעבל און אַזוי־אַרום איז שבע׳לע בשלום אָנגעקומען קיין בראָד דעם 21־טן נאָוועמבער 1942. אָבער, ווען קרופּקאָ האָט געעפנט די שאַפע און איר געהייסן אַרויסגיין, האָט זי זיך ממש נישט געקענט רירן פון אָרט, ווייל זי איז כמעט געווען אַ דערפרוירענע פון דער קאַלטער נאָוועמבער־לופט. קרופּקאָ האָט זי געמוזט אַרויסנעמען פון דער שאַפע און זי אויף די הענט אַריינטראָגן צו זיך אין שטוב־אַריין.

אַ גאַנצן חודש איז שבעלע געלעגן ביי דער פאַמיליע קרופּקאָ אין שטוב מיט אַ טיפוס. פאַר דער צייט פון דער קראַנקהייט, האָט די פרוי קרופּקאָ פאַר־נומען זיך מיטן יידישן מיידל ווי אַן אייגענע מאַמע. שבע האָט צוליב דער הויכער היץ כסדר גערעדט יידיש און דערציילט וועגן די געפאַרן וואָס האָבן אויף איר געלויערט. אָבער אַ דאַנק די באַמיאונגען פון די קרופּקאָס, איז זי סוף כל סוף געזונט געוואָרן און דערנאָך זיך פאַרנומען מיטן דערציען זייער זונעלע.

שבעלע ווײלער האָט געמיינט, אַז זי האָט שוין אַלע צרות הינטער זיך און אַז זי וועט שוין אַזוי „רואיק" לעבן אין בראָד ביזן סוף פון דער מלחמה. אינעם חודש מאַי 1943 האָבן זיך אָבער אָנגעהויבן פאַר איר נייע צרות, נייע סכנות און נייע געפערלעכע וואַנדערונגען.

*

שבעלעס אוקראַינישער דאָקומענט האָט נישט געטויגט. די „מאַכערס" אין ראָהאַטין, וועלכע האָבן איר געענדערט דעם דאָקומענט, האָבן פאַר איר צוגע־טראַכט אַ „געפערלעכן" נאָמען. זיי האָבן אַריינגעשריבן, אַז זי הייסט מאַריאַ באַנדוראָווסקאַ — און דאָס האָט קרופּקאָן שטאַרק באַאומרואיקט. ווייל באַנדו־ראָווסקאַ האָט געקלונגען שטאַרק ענלעך צו באַנדעראַ — אַ נאָמען פון אַן אוקראַאינישן נאַציאָנאַליסט, וועלכער האָט פאַר דער מלחמה אָרגאַניזירט פון בערלין אויס אַ טעראָריסטן־באַנדע פון גאַליצישע אוקראַינער קעגן דער פּוילישער מלוכה. זיינע אָנהענגער האָבן זיך גערופן „באַנדעראָווצעס" און זיי זענען לכתחילה געווען הייסע היטלעריסטן, אָבער בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע פון מזרח־גאַליציע האָבן זיי זיך „איבערגעשטעלט" קעגן די דייטשן און האָבן אין געהיים געפירט אַ קאָנספּיראַטיווע טעטיקייט קעגן די היטלעריסטן.

קרופּקאָ אַליין איז געווען אַ פירער פון די באַנדעראָווצעס; ביי אים אין שטוב זענען פאָרגעקומען געהיימע באַראַטונגען און ער האָט פלוצים מורא באַקומען, אַז ביי אים אין שטוב זאָל זיך געפונען אַ גווערנאַנטקע מיטן נאָמען באַנדוראָווסקאַ...

צוליב דעם האָט ער פאַרלאַנגט, אַז שבעלע ווײלער זאָל זיך לאָזן פאָטאָ־גראַפירן און אַרויסנעמען אין בראָדער מאַגיסטראַט אַ נייעם דאָקומענט אויפן נאָמען פון אירס אַ באַקאַנטע, אַ פּויליש מיידל, די געוועזענע דינסט ביי די קרייזלערס, וועלכע האָט איר פאַרן פאַרלאָזן ראָהאַטין מיטגעגעבן איר מעטריקע אויפן נאָמען פון האַנקאָ בוטשעק.

קומענדיק צום פאָטאָגראַפיסט אין אַטעליע, האָט שבעלע דאָרט צופעליק געטראָפן אַ באַקאַנטע אוקראַאינקע פון איר שטעטל, מיטן נאָמען נעכייקע. ביי

די רויטן האָט זי געאַרבעט אַלס פּאַרקויפערין אין אַ שפּיז־געשעפט, נישט ווייט פון דעם „קולטמאַג", ווו שבע איז געווען באַשעפטיקט. אין בראָד איז זי געווען די געליבטע פון שעף פון דער דייטשישער „זאָנדערדינסט". יענע האָט איר באַלד אַ חוצפּהדיקן פּרעג געטאָן: „שבע, וואָס טוסטו דאָ? שוין זאָלסטו אַנטלויפן פון בראָד, ווייל אויב נישט, וועל איך אַליין דיך איבערגעבן צו די דייטשן!"

שבעלען איז ממש פינצטער געוואָרן אין די אויגן. די פיס האָבן איר אָנגע־הויבן צו ציטערן און זי איז שיעור ניט געפאַלן אין חלשות... זי האָט זיך קוים באַהערשט און איז תיכף אַנטלאָפן פונעם פאָטאָגראַפיסט. מיט אונטערוועגן איז זי געקומען צו די קרופּקאָס און זיי דערציילט וועגן איר באַגעגעניש אינעם פאָטאָגראַפישן אַטעליע.

דאָס איז געשען דעם 19־טן מאַי 1943 — און צומאָרגנס, דעם 20־טן מאַי, איז זי אַנטלאָפן קיין לעמבערג מיט אַ פּאַספּאָרט אויפן נאָמען פון האַנקאַ בוטשעק.

*

אינעם באַן־וואַגאָן אין וועלכן שבעלע איז אַריינגעגאַנגען, איז צופעליק געזעסן אַן אוקראַינישער מיליציאַנט מיט אַ ביקס אויפן אַקסל. ער איז געפאָרן אין עפּעס אַ שליחות קיין לעמבערג. נעבן אים איז געווען אַ ליידיקער פּלאַץ און דערזעענדיק אַריינקומען אַ שיין אוקראַיניש שיקסל (שבעלע איז געווען אָנגע־טאָן אין אַ טראַדיציאָנעלער נאַציאָנאַלער אוקראַינישער טראַכט), האָט ער זי געבעטן זעצן נעבן אים. שבעלע האָט די איינלאַדונג אָנגענומען און צווישן ביידע האָט זיך פאַרבונדן אַ פריינטלעכער שמועס, אַזוי, אַז ווען דער צוג האָט גערירט און די דייטשע מיליטער־לייט האָבן אָנגעהויבן זייער קאָנטראָל, איז זיי אַפילו נישט איינגעפאַלן צו פרעגן דאָס „אוקראַינישע" מיידל אויף אירע דאָקומענטן — בפרט ווען זי איז געזעסן אין דער געזעלשאַפט פון אַן אוקראַינישן פּאָליציאַנט...

דער זעלבער פּאָליציאַנט האָט זי אויך — אויף צו מאָרגנס פאַרטאָג — אין לעמבערג אַרויסגעפירט פונעם באַנהויף, ווו אַלע אַרויסגענג זענען געווען באַזעצט מיט דייטשישע מיליטערישע וואַך־פּאָסטנס, און ער, דער פּאָליציאַנט האָט זי אַריינגעזעצט אין טראַמוויי, מיט וועלכן זי איז געפאָרן צום אַלטיטשקן פּענסיאָנירטן גימנאַזיע־פּראָפעסאָר.

אַזוי אַרום איז שבעלע ווייַלער דערוויל ווידער געראַטעוועט געוואָרן פון די דייטשישע לאַפּעס — אָבער איר גיהנום־וועג האָט זיך דערמיט נאָך אַלץ נישט געענדיקט. אדרבא: אין לעמבערג האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן אירע אמתע צרות. יעדן טאָג האָבן אויף איר געלויערט נייע סכנות. נישט איינמאָל איז זי געשטאַנען פאַרן תהום פון טויט — אָבער זי האָט זיך נישט פאַרלוירן אין קיין שום סיטואַציע. זי האָט זיך שטענדיק געהאַלטן דרייסט און דאָס האָט זי תמיד אַרויסגעראַטעוועט פון יעדער געפערלעכער סיטואַציע.

ווען שבעלע ווייַלער איז אָנגעקומען צום אַלטיטשקן פּראָפעסאָר גאַליטשוק אין לעמבערג, האָט ער און זיין פרוי (אַ שוועסטער פון דער פרוי קרופּקאַ, וואָס האָט

זיך מיט איר אַזוי מוטערלעך פֿאַרנומען אין בראָד), גאַנץ פֿרייַנטלעך זי אויפֿגענומען. אָבער גלייכצייטיק האָבן זיי איר קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז מער ווי עטלעכע געציילטע טעג וועט זי ביי זיי נישט קענען בלייבן. שבעלע איז געווען פֿאַרצווייפֿלט און נישט געוווּסט וואָס ווייטער אָנצוהויבן. דער פּענסיאָנירטער גימנאַזיע־פּראָפֿעסאָר האָט איר געראָטן, אַז זי זאָל זיך מעלדן אַלס אוקראַאינקע ביים דייטשישן אַרבעטס־אַמט אין לעמבערג, ווו מען ווערבירט אוקראַאינישע מיידלעך צו פֿעלד־ און הויז־אַרבעט קיין דייטשלאַנד. אויב זי וועט דאָרט אָנגענומען ווערן, וועט זי אין דייטשלאַנד קענען איבערלעבן ביז איבער דער מלחמה.

זי האָט דערציילט דעם פּראָפֿעסאָר גאַליטשוק, אַז אין בראָדער מאַגיסטראַט ליגט „איר" מעטריקע — אויפֿן נאָמען פֿון אירס אַן אוקראַאינישע שול־חברטע — פֿון וועלע זי האָט בדעה געהאַט זיך אויסצואַרבעטן אַ זיכערן אַרישן דאָקומענט.

אין צוויי וואָכן אַרום האָט די פֿרוי קרופּקאַ טאַקע צוגעשיקט פֿון בראָד דעם נייטיקן דאָקומענט.

מיטן נייעם דאָקומענט האָט זיך שבעלע אַוועקגעלאָזט צום לאַגער וואָס האָט זיך געפֿונען אויף דער יאַנאָווסקאַ־גאַס, און זי האָט זיך דאָרט אַוועקגעשטעלט אין דער ריי. קומט צו איר צו אַ פֿרעמדער מענטש און זאָגט איר אויף פּויליש, זי זאָל מיט אים מיטגיין, ווייל ער דאַרף איר עפּעס זייער וויכטיקס זאָגן. שבעלע איז שוין געווען זיכער, אַז זי איז דורכגעפֿאַלן. אָבער זי האָט זיך געמאַכט האַרץ און אים געפֿרעגט דווקא אויף אוקראַאיניש: „וואָס ווילסטו אייגנטלעך פֿון מיר? ווער ביסטו?" דער פֿרעמדער מענטש, האָבנדיק אַ געלעגנהייט צו רעדן מיט איר אונטער פֿיר אויגן, האָט איר דערקלערט, אַז ער איז אַ פּאָלאַק, טאַדעאוש טשעבוכאָווסקי פֿון קאַליש. ער איז אַ געפֿאַנגענער ביי די דייטשן און אַרבעט דאָ אַלס דאָקטאָר. ער האָט זי געוואָרנט נישט מעלדן זיך צו די דייטשן אויף אַרבעט, ווייל באַלד דאַרפֿן קומען די אוקראַאינישע געהיים־פּאָליציי און זיי וועלן זי באַשטימט אַרויסשלעפּן פֿון דער ריי, אַזוי ווי זיי טוען דאָס יעדן טאָג מיט אַנדערע פֿאַרשטעלטע יידישע מיידלעך, וועלכע ווערן באַלד דערשאָסן אויפֿן אָרט. ער האָט איר געראָטן צו אַנטלויפֿן פֿון לאַגער, ווייל די וואָך פֿאָרט נישט אָפּ קיין טראַנספּאָרט קיין דייטשלאַנד (דאָס איז געווען אין חודש יוני, ערב שבועות). איבער דער צייט וועט זי די פּאָליציי אַנטדעקן. אין יענע טעג האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פֿון לעמבערגער געטאָ. שבעלע ווילער האָט געמיינט, אַז דער פּאָלאַק איז אויך פֿון דער פּאָליציי און וויל פֿון איר אַרויסבאַקומען, אַז זי איז אַ יידישקע. זי האָט אים אָבער דערקלערט, אַז זי וויל נישט פֿאַרלאָזן דעם לאַגער, נאָר וואַרטן אויפֿן טראַנספּאָרט. דער דאָקטאָר טשעבוכאָווסקי האָט איר דאַן אַרויסגעפֿירט אויף אַ זייטיקן וועג און געהייסן אַנטלויפֿן, פֿאַר איר רעטונג. ערשט ווען שבעלע האָט אים דערקלערט, אַז זי האָט נישט ווו צו לויפֿן, האָט ער איר איינגעאָרדנט אין אַ באַהעלטעניש אין לאַגער גופֿא, ווו זי האָט געקענט איבערזיצן אַ צען טעג.

ווי זי איז אַזוי געשטאַנען אין דער ריי גרייט אויפֿצוטרעטן פֿאַר דער קאָמיסיע, זענען צו איר צוגעקומען צוויי אוקראַאינישע פּאָליציאַנטן און האָבן זי אַרויסגעשלעפּט פֿון דער ריי, דערקלערנדיק, אַז זי איז אַרעסטירט.

אויפן וועג צו דער קרימינאַל־פּאָליציי פרעגט זי זיי פּאַרוואָס אייגנטלעך האָט מען זי אַרעסטירט און וואָס זיי ווילן פון איר, דערויף האָט איר דער געהיים־אַגענט דערקלערט, אַז זיי זענען איר חושד, אַז זי איז אַ יידישקע און אַז דער שעף פון דער קרימינאַל־פּאָליציי וועט זי שוין אויספאָרשן. סוף־כל־סוף האָט זי דער געהיים־אַגענט איבערגעגעבן אינעם רשות פונעם באַוואָפנטן פּאָליציאַנט און דערביי געזאָגט צו אים: „פיר זי אַריין צו קריענקעוויטשן און איך קער זיך אום זוכן נייע זשידוווקעס".

ווען שבע׳לע ווײַלער האָט דערהערט דעם נאָמען פונעם פּאָליציי קאָמענ־דאַנט, האָט זי זיך תיכף דערמאָנט, אַז דעם זעלבן נאָמען האָט זי אַ סך מאָל געהערט דערמאָנען אין בראָד אין הויז פון די קרופקאָ׳ס. זי האָט טאַקע דאָרט געהערט, אַז קריענקעוויטש פאַרנעמט אין לעמבערג אַ הויכן אַמט ביי דער פּאָליציי, ווייל די „באַנדעראָווצעס" האָבן געהאַט אַ טאַקטיק אַריינצוכאַפּן זיך אויף הויכע שטעלעס, סיי ביי דער סאָוויעטישער מאַכט, סיי ביי די היטלעריסטן, כדי זיי זאָלן וויסן אַלע סודות...

שבע׳לע האָט אַלזאָ באַשלאָסן אויסצונוצן אירע אַלע ידיעות וואָס זי האָט געהאַט וועגן די באַנדעראָווצעס, כדי זיך אויף דעם אופן ראַטעווען...

ווען דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט קריענקעוויטש האָט איר שפּעטער, ביי דער אויספאָרשונג, געהייסן עפענען איר רענצל און ער האָט דאָרט געפונען אַ פּאָר פּיזשאַמעס און דאָס זיידענע נאַכט־העמד, וואָס די קרופקאָס האָבן איר איינגעפּאַקט, האָט ער אָנגעהויבן צו שרייען אויף איר מיט כעס: „דו אומפאַרשעמטע חוצפה־ניצע! ווען מען ווילסטו דאָ אָפּנאַרן, אַז דו ביסט אַ קאַטוילישע אוקראַינקע? זאָג מיר נאָר, וועלכעס אוקראַיניש מיידל האָט דאָס זיידענע העמדער און פּיזשאַמעס? זיי זיך בעסער מודה מיט וועמענס הילף דו האָסט באַקומען דעם געפעלשטן דאָקומענט, וועט דיין שטראָף זיין אַ קלענערע, ווייל אויב דו וועסט זיך נישט באַלד מודה־זיין, וועסטו נאָך היינט דערשאָסן ווערן!"

די פאַרהאַרטעוועטע שבע׳לע ווײַלער האָט זיך אויך דאָסמאָל נישט פאַרלוירן און זי האָט דעם פּאָליציי־קאָמענדאַנט געענטפערט מיט אַ געמאַכטער רואיקייט: „הער מיך אויס הער קריענקעוויטש!"... ווי נאָר ער האָט דערהערט, אַז זי רופט אים אָן ביים נאָמען, איז ער געוואָרן בלאַס ווי די וואַנט און ער האָט איר תיכף איבערגעריסן די רייד. דערנאָך האָט ער אַרויסגעשיקט דעם פּאָליציאַנט און אים געהייסן וואַרטן אין פאָדער־צימער. ווען זיי זענען געבליבן אונטער פיר אויגן, האָט ער זי געפרעגט פון וואַנען זי ווייסט זיין נאָמען. דערויף האָט זי אים געענטפערט, אַז זי ווייסט אַז ער האָט אַ שיכות צו די באַנדעראָווצעס. אויב ער וועט זי איבערגעבן אין די הענט פון די דייטש, וועט זי דעמאָלט זיין געצוווּנגען אַרויסצוגעבן צו די דייטשן אַלע נעמען פון די באַנדעראָווצעס, וועלכע ווערן געזוכט פון דער געסטאַפּאָ.

דער אוקראַינישער פּאָליציי־קאָמענדאַנט איז באַלד געוואָרן צו איר פריינטלעך. דאָך האָט ער זי אָפּגעהאַלטן אין אַרעסט 3 טעג און איבער דער צייט אוודאי זיך פאַרשטענדיקט מיט די קרופקאָס און גאַליטשוקס.

דערנאָך האָט מען זי באַפרייט. אַ גליקלעכע און אַ שמייכלדיקע איז שבע׳לע צוריקגעקומען אויף דער יאַנאָווסקא גאַס, אונטער דער „השגחה״ פון אַ פּאָליציאַנט און איז טאַקע באַלד אַריין אינעם ביוראָ פונעם אַרבעטס־אַמט. אינעם אַרבעטס־אַמט גופא האָט זי געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי פאַרשטייט נישט קיין איין וואָרט דייטש. זי איז צוגעטיילט געוואָרן צו אַ טראַנספּאָרט וואָס האָט באַלד באַדאַרפט אָפּגיין קיין שטוטגאַרט.

זי האָט אָבער פריער באַדאַרפט אַדורכגיין אַ מעדעצינישע אונטערזוכונג און ווי גרויס איז געווען איר איבערראַשונג, אַז זי איז גראָד אָנגעקומען צו דעם זעלבן פרעמדן מענטש — צו דעם פּאָליאַק — וואָס האָט זי פריער געוואָרנט... דער דאָקטאָר האָט זי פאַרוווּנדערט אָנגעקוקט מיט פרעגנדיקע בליקן, אויף וואָס זי האָט געענטפערט: „איך האָב אייך פריער געזאָגט, אַז איך בין אַן אוקראַינקע, איצט פאָר איך צו מיין חתן״.

— „זאָל דיר זיין מיט מזל!״ — האָט איר דער פּאָלאַק צוגעווונטשן און ער האָט אונטערגעשריבן די צייגעניש, אַז זי איז פולקאָם געזונט.

אַריינגייענדיק אין באַן־וואַגאָן וואָס זי האָט געמיינט, אַז זי איז שוין סוף כל סוף פטור געוואָרן פון אַלע צרות. האָט זי פלוצים דערזען דאָרט אַן אוקראַיניש שיקסל פון איר שטעטל, מיט וועלכער זי איז אַמאָל צוזאַמען געגאַנגען אין שול אַריין. די נשמה איז איר שיעור־נישט אַרויסגעפלויגן פאַר שרעק... אָבער, נאָך איידער יענע האָט זי באַמערקט, האָט זיך שבע׳לע פלינק אַרויסגעדרייט פונעם וואַגאָן און איז גיך געלאָפן ביז צום לעצטן וואַגאָן ווו זי איז געזעסן אַזוי ווי אַ שטומע מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ ביז דער צוג האָט זי — דורך קראָקע און ווין — געבראַכט קיין שטוטגאַרט.

אין ווין זענען אַלע פרויען איבערגעפירט געוואָרן אין אַרבעטס־אַמט. זי האָט מען צוגעטיילט אויף אַרבעט אין אַ רעסטאָראַן, ווו ס׳האָבן געאַרבעט אוקראַינקעס און אוקראַינער. שפּעטער האָט זי באַדאַרפט וווינען אין אַ לאַגער, ווו ס׳האָבן זיך געפונען פּוילישע און אוקראַינישע פרויען. פאַר שבעלען איז דאָס געווען זייער געפערלעך. בפרט, אַז זי איז דאָרט פאַרפאָלגט געוואָרן פונעם גרופּן־עלטסטן, וואָס האָט געהערט צו דער קרימינאַל־פּאָליציי. דעריבער האָט זי געבעטן אין אַרבעטס־אַמט זי איבערצושיקן ערגעץ־אַנדערש — און נאָכן פאַרלייגן איר עטלעכע ערטער, האָט זי אויסגעקליבן שטוטגאַרט. נאָך דריי טעג האָט זי פאַרלאָזן ווין.

פאָרנדיק איבער דייטשלאַנד עטלעכע טעג, האָט זיך דער צוג אָפט אָפּ־געשטעלט און ביי אַלע אָפּשטעלונגען פלעגן די אָרטיקע אַרבעטס־מענטשן אויס־טיילן אויף די באַן־פּעראָנען עסן פאַר די פאָרנדיקע. שבע׳לע האָט אָבער ליבערשט געהונגערט און נישט געוואָלט אַרפּגיין, כדי ס׳זאָל זי עמיצער נישט דערקענען.

אַזוי איז זי בשלום אָנגעקומען קיין שטוטגאַרט, ווו מ׳האָט זי צוגעטיילט צו שוואַרצער אַרבעט אינעם אָרטיקן שפּיטאָל. דאָרט זענען אַלס קראַנקן־שוועסטערס און געהילפס־פּערסאָנאַל געווען באַשעפטיקט נאָנעס — און דערפאַר איז דער פּלאַץ געווען זיכערער. דאָ, האָט זי געהאָרעוועט, ביז די פראַנצויזן האָבן באַפרייט יענע געגנט פון דער היטלעריסטישער ממשלה.

ווען זי איז באַפרייט געוואָרן, האָט זי געגעבן אַן אַנאָנס, אַז זי זוכט באַקאַנטע פון איר שטאָט ראָהאַטין. אויף איר אַנאָנס האָט זיך אָפּגערופן: מאַקס אַלטמאַן ז״ל, גאָלדע פישער, בושקע בריק, קלאַראַ מעסינג. זיי אַלע האָבן אויך געשיקט שפּייז־פּעקלעך און קליידער, פאַר וואָס זי איז זיי דאַנקבאַר ביזן היינטיקן טאָג, ווי אויך דער ראָהאַטינער לאַנדסמאַן ד״ר יצחק לעווענטער, צו וועלכן שבעלע פלעגט פאַר דער מלחמה, ווען זי איז געווען אָנגעשטעלט אין קרייזלערס בוכ־האַנדלונג, יעדן טאָג אַריינברענגען אַ צייטונג אין שטוב. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און זי איז באַלד געקומען קיין ניו־יאָרק, טאַקע אויפן „אַפידייוויט״ וואָס דער דערמאָנטער ד״ר לע־ווענטער האָט איר אַרויסגעשיקט און טאַקע ביי דער פאַמיליע לעווענטער אין שטוב האָט זי פאַרבראַכט די ערשטע צייט. די פרוי לעווענטער און איר מאַן האָבן איר אויפגענומען ווי אַן אייגן קינד און איר געהאָלפן זיך איינאָרדענען אין ניו־יאָרק.


ד״ר יצחק לעווענטער


מלמעלה ומימין: ברונק שמוראק, מישו דויטש, קובה פאוסט,
קארול פאוסט, מאצ׳ק קרייזלר

רבקה האַדער / ניו־יאָרק

# פון באַהעלטעניש צו באַהעלטעניש

די מחברין פון דער דאָזיקער אַרבעט איז געבוירן געוואָרן אין אויסגעוואַקסן אין פּאָדקאַמיען. זי איז אָבער מיט איר גאַנצער פאַמיליע פאַרטריבן געוואָרן קיין ראָהאַטין און איבערגעלעבט די ליקווידאַציע פון ראָהאַטינער געטאָ. זי האָט געהערט צו די געציילטע יידן וואָס זענען נאָך דער באַפרייאונג צוריק געקומען קיין ראָהאַטין און געהאָלפן אַנטדעקן, אַרעסטירן און משפטן די אָרטיקע אוקראַאינער און פּאָלאַקן וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיטן דייטש ביים אומברענגען דעם יידישן ישוב אין ראָהאַטין.

### פון פּאָדקאַמיען קיין ראָהאַטין

דעם 28.6.1941 איז אין אונדזער שטעטל אַריין די היטלעריסטישע אַרמיי. באַלד אין דער ערשטער וואָך האָט מען אַלע יידן פון פּאָדקאַמיען, אין דער צאָל פון אַ 100 פאַמיליעס, באַפוילן זיך איבערצוקלייבן קיין ראָהאַטין, 18 קילאָ־מעטער פון אונדז. מיר האָבן איינגעשפּאַנט פערד־און־וואָגן און אַריבערגעפאָרן אויפן נייעם וווין־אָרט — צו עטלעכע פאַמיליעס אין איין שטוב.

דעם ערשטן טאָג פון זיין אין ראָהאַטין, האָבן אונדז די אוקראַאינער צוזאַ־מענגעטריבן אין דער גרויסער שול און אויף אַ ברוטאַלן אופן אַרודכגעפירט ביי יעדן איינעם אַ פּערזענלעכע רעוויזיע און צוגענומען אַלע ווערטפולע זאַכן. דערביי האָט מען מוראדיק געשלאָגן. זיי האָבן געצוווּנגען דעם ראָהאַטינער רבי, ר׳ אליעזרל, צו קריכן אויף אַלע פיר און עטלעכע געזונטע אוקראַאינער האָבן אויף אים געריטן... דאָס איז געטאָן געוואָרן אין שול, אין דער אַנוועזנהייט פון אַלע יידן. אין דער זעלבער צייט האָבן אַנדערע אוקראַאינער געפּלינדערט יידישע וווינונגען.

אין ראָהאַטין האָבן זיך דאַן געפונען ביי אַ צען טויזנט יידן: זעקס טויזנט אָרטיקע יידן, אַ טייל — פון די דערבייאיקע שטעטלעך און אויך „ביעזשענצעס״ (פּליטים) פון די מערב־געביטן פון פּוילן.

אַ סברה, אַז דעם דאָזיקן איבערפאַל האָבן די אוקראַאינער דורכגעפירט אויף דער אייגענער האַנט, ווייל די דייטשן, דערווייסנדיק זיך דערפון, האָבן שטרענג פאַרבאָטן אַדורכצופירן אַזעלכע אַקציעס.

### אַנטשטייאונג און אומקום פון ראָהאַטינער געטאָ

אין הערבסט 1941 איז געשאַפן געוואָרן דאָס געטאָ. מ׳האָט אַלע יידן צו־זאַמענגעדרענגט אין עטלעכע קליינע געסלעך. די ענגשאַפט איז געוואָרן גרויס. דער הונגער האָט זיך ספּעציעל געלאָזט פילן ביי די „ביעזשענצעס״.

אין אונדזער משפחה איז דער הונגער נישט געווען אזוי פילבאַר. איך האָב געאַרבעט אַלס שניידערין ביי קריסטן און געהאַט אַ מעגלעכקייט צו באַזאָרגן מיט שפּייז מיינע עלטערן און די גאַנצע משפחה.

אָנהייב פעברואַר 1942 האָבן די דייטשן באַפוילן אויסצוגראָבן צוויי ריזיקע גריבער, נישט ווייט פון ראָהאַטין. מ׳האָט נישט געוווּסט — צוליב וואָס. דאָס איז ערשט שפּעטער קלאָר געוואָרן. דעם 20־טן מערץ האָבן די געסטאַפּאָווצעס צוזאַמען מיט אוקראַינער דערשאָסן ביי די גריבער 3000 יידן, נישט שוינענדיק קיין שוואַנגערע פרויען, אַלטע לייט און קינדער. דער פּאָגראָם האָט געדויערט פון באַגינען ביז פאַרנאַכט. מ׳האָט מענטשן געשאָכטן מיט מעסערס און העק. בלוט האָט געשטראָמט אויף די גאַסן. עטלעכע הונדערט יידן זיי אויפן לעניך־פּלאַץ באַפוילן צו שטיין, מיט אַראָפּגעבויגענע קעפּ, גאַנצע 6 שעה. פיל זענען אויפן פּלאַץ פאַרפרוירן געוואָרן, די אַנדערע האָט מען אָפּגעפירט צו די צוויי גריבער און זיי דאָרט דערשאָסן.

אונדזער געטאָ איז נישט געווען הערמעטיש אָפּגעשלאָסן — דעריבער האָבן פיל יידן, בעת דער דערמאָנטער אַקציע, געהאַט אַ מעגלעכקייט פון דאָרט זיך אַרויסצורייסן און אויסבאַהאַלטן אין דער אַרומיקער געגנט.

יענעם טראַגישן טאָג בין איך געווען אין פּאָדקאַמיעץ, ווו כ׳האָב גענייט ביי אַ באַקאַנטער קריסטין. איך האָב זיך דערוווּסט וואָס ס׳איז געשען מיט די יידן אין ראָהאַטין. אַזוי ווי די פּאָליציי אין פּאָדקאַמיען האָט געוווּסט וועגן מיין אויפ־האַלטן זיך דאָרט, האָב איך זיך איינגעאָרדנט... אין אַ קעלער. דערפאַר בין איך ניצול געוואָרן פון אַ זיכערן טויט.

אויפן צווייטן טאָג בין איך אַוועק אין ראָהאַטינער געטאָ און אויף די גאַסן געטראָפן ליגן הונדערטער טויטע קערפּערס. מיין פאָטער האָב איך דער־קאַנט לויט זיינע קליידער. פון אַ געוויסן שמואל־לייב קאָרף האָב איך זיך דער־וווּסט, אַז מיין מוטער, שוועסטער און ברודער האָט מען דערשאָסן אין גרוב. פון אים האָב איך זיך אויך דערוווּסט, ווו מיינע עלטערן האָבן באַהאַלטן עטלעכע ווערטפולע זאַכן.

נאָך אַ שטיקל צייט, ווען ס׳איז געוואָרן אַביסל רואיקער און יידן האָבן אָנגעהויבן זיך צוריקקערן אין געטאָ, האָבן זיי געמוזט זיך ווענדן צו דער דייטשישער קאָמענדאַנטור און אָפּגעבן אַ שבועה, אַז די אָדער יענער דירה געהער צו זיי — ערשט דאַן האָבן זיי געהאַט אַ מעגלעכקייט אין איר אַריינצוגיין. איך האָב שוין מורא־געהאַט צו גיין קיין פּאָדקאַמיען און בין פאַרבליבן אין ראָהאַ־טינער געטאָ, וואָס איז איצט געווען פיל קלענער.

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער האָב איך זיך באַקאַנט מיט אַן אינטעליגענטן בהור, אַנשל דאָרפמאַן, וועלכער האָט געשטאַמט פון ליפּיצע ביי בזשעזשאַן. ביי די סאָוויעטן האָט ער געדינט אין דער רויטער אַרמיי. די דייטשן האָבן אים גענומען אין געפאַנגענשאַפט און אים איז געלונגען זיך צו באַפרייען.

איינמאָל האָט דער יודענראַט באַקומען אַ באַפעל צוצושטעלן טויזנט יידן. די אַלע זענען אָפּגעפירט געוואָרן אויף אומקום קיין בעלזשעץ. פון דער דאָזיקער

„אַקציע״ האָבן דער עיקר געליטן אַלטע לייט און אָרעמע משפחות, וואָס זענען געווען אויסגעשטעלט אויף קיצבה פון דער קהילה.

אין אַ צוויי חדשים שפּעטער איז פאָרגעקומען נאָך אַן אַקציע. דאָסמאָל — קעגן קינדער. מ׳האָט בגוואַלט אַוועקגעריסן די קינדער פון עלטערן און זיי איבערגעשיקט אין אַ קינדער־לאַגער קיין בעלזשעץ, ווו זיי זענען אומגעקומען. עס זענען געווען פיל פאַלן, אַז מוטערס האָבן זיך נישט געוואָלט שיידן מיט זייערע קינדער און זענען דעריבער מיט זיי מיטגעגאַנגען אויף פאַרניכטונג.

יעדע עטלעכע טעג זענען אויך פאָרגעקומען פאַרשידענע „לאַפּאַנקעס״. די געכאַפּטע האָט מען צעשיקט אין עטלעכע לאַגערן. מיר האָבן ביי אונדז אין שטוב איינגעאָרדנט בונקערס, ווו מיר פלעגן זיך אויסבאַהאַלטן בעת אַן אַקציע אָדער „לאַפּאַנקע״.

ענדע אָקטאָבער 1942 האָבן מיר דערהאַלטן אַ ידיעה, אַז די דייטשן גרייטן אַ גרויסע „אַקציע״. מיר זענען אַנטלאָפן קיין פּאָדקאַמיען, ווי מיר האָבן אין משך פון זעקס וואָכן זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ גוט־פאַרמאַסקירטן קעלער, ביי אַ קריסטין. די אַקציע איז טאַקע פאָרגעקומען דעם 8־טן דעצעמבער 1942, בעת וועלכער 2000 יידן זענען אָפּגעשיקט געוואָרן קיין בעלזשעץ. דערנאָך האָבן מיר זיך דעצידירט צו פאַרלאָזן אונדזער באַהעלטעניש און צוריקגיין אין געטאָ.

נאָך אַזאַ אַקציע איז פאָרגעקומען סוף דעצעמבער 1942. מ׳האָט דאַן ווידער אַרויסגעשיקט ביי אַ 2000 מענטשן. דורך אַ נס איז אין דער לעצטער מינוט געלונגען מיר מיט מיין חתן זיך אַריינצובאַקומען אין אַ בונקער און אויסמיידן די געפאַר.

ס׳פלעגן צו אונדז קומען יידישע פּאָליציאַנטן פון טאַרנאָפּאָל. זיי האָבן זיך אויפגעפירט נישט בעסער ווי די דייטשן.

דעם 6.6.1943 האָט מען דאָס געטאָ ליקווידירט. וועגן דעם זענען אַ לאַנגע צייט אַרומגעגאַנגען קלאַנגען. אַ סך יידן האָבן זיך פאַרזאָרגט מיט „סכראָנעס״ ביי באַקאַנטע קריסטן.

די אַקציע איז פאָרגעקומען גאַנץ אומגעריכט, ס׳האָט זיך קיינעמען נישט איינגעגעבן צו ראַטעווען. מיין חתן איז דאַן אַ גאַנצע נאַכט געשטאַנען אויף דער וואַך. פאַרטאָג האָט ער דערהערט אַ שאָס. דאָס האָט באַדאַרפט זיין דער סיגנאַל צום אָנהייב פון דער אַקציע. ער האָט מיך שנעל אויפגעוועקט און נישט אָנגעטוענע האָבן מיר זיך געלאָזט לויפן צום טייך. די דייטשן האָבן אונדז נאָכגעשאָסן. מיר זענען אַריין אין וואַסער. אַריבערקומענדיק אויפן צווייטן ברעג, האָבן מיר אויף אַלע פיר זיך דערשלעפּט צו אַ פעלד און דאָרט זיך אויסבאַהאַלטן אַ גאַנצן טאָג. מיר האָבן געהערט אַ כסדרדיקע שיסעריי. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס קומט פאָר די ליקווידאַציע פון געטאָ. דאָך האָבן מיר געהאָפט, אַז נאָכן פאַרענדיקן די „אַקציע״ וועלן מיר זיך קענען צוריקקערן אין אונדזער וווינונג.

אויסער אייניקע הונדערט מאַרק האָבן מיר גאָרנישט פאַרמאָגט. נישט געווען צו וועמען זיך צו ווענדן. אַלע ווערטפולע זאַכן זענען איבערגעבליבן אין

געטאָ. מיין חתן, וועלכער איז געווען אין געפאַנגענשאַפט, האָט אויך גאָרנישט געהאַט. אונדזער איינציקע האָפענונג איז געווען זיך צוריקקערן אין געטאָ און אַרויסבאַקומען אונדזער באַגראָבן פאַרמעגן.

פאַרנאַכט־צו האָבן מיר דערהערט עטלעכע עקספּלאָזיעס פון גראַנאַטן־אויפרייסן און באַלד האָבן זיך באַוויזן פלאַמען וואָס האָבן אַרומגעכאַפּט דאָס געטאָ. קלאָר, אַז מיר האָבן שוין נישט ווו זיך אומצוקערן.

ענדלעך איז צוגעפאַלן די נאַכט. אויסגעווייקטע און דורכגעפרוירענע, האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג אַריין אויף צו זוכן אַ דאַך איבערן קאָפּ. הגם די געגנט איז מיר געווען גוט באַקאַנט, האָבן מיר אַ גאַנצע נאַכט געבלאָנדזשעט. ערשט פאַרטאָג זענען מיר אָנגעקומען אין מיין געבורטס־שטעטל פּאָדקאַמיען.

צוריק אין פּאָדקאַמיען

אין פּאָדקאַמיען בין איך געווען זייער באַליבט. דאָך בין איך נישט געווען זיכער, צי וועט עמעץ וועלן אונדז אַרייננעמען צו זיך. זענען מיר אַרויפגעקראָכן אויף אַ בוידעם, וואָס איז געווען איבער אַ שטאַל און דאָרטן זענען מיר אָפּגעלעגן 7 טעג און נעכט, כמעט אָן עסן. ווייל אונדזער איינציקע שפּייז איז געווען דאָס איי וואָס אַ הינדל האָט געלייגט יעדן טאָג, נישט ווייט פון אונדזער באַהעלטעניש.

די שטאַל האָט געהערט צו אַ באַקאַנטן פּויער, פּיאָטר יאָזעפּין. אַזוי ווי די פּויערים האָבן געמאָרדעט די יידן וואָס זענען אַנטלאָפן פון געטאָ, האָבן מיר מורא־געהאַט, אַז אויך יאָזעפּין וועט דאָס טאָן מיט אונדז. נאָך זיבן טעג הונגערן, האָבן מיר שוין נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה, ווי אָנצוקומען צום פּויער. אינמיטן נאַכט בין איך אַראָפּ פון בוידעם און שטיל אָנגעקלאַפּט אין זיין פענצטער. נאָך אַ סך וויינען און בעטן, האָט ער דאָך באַקומען רחמנות און מיר אַרויסגע־געבן אַביסל ברויט מיט קאַרטאָפל, וואָס האָט דערהאַלטן אונדזער חיות. ער האָט געזאָגט, אַז האַלטן אונדז קאָן ער נישט און געהייסן וואָס שנעלער זיך אָפּטראָגן. ווילנדיק אונדז וואָס שנעלער פּטרן, האָט ער מיטגעגעבן אויפן וועג נאָך עסן. מיר האָבן זיך געמאַכט אַוועקגיין — אָבער באַלד צוריקגעקומען און ווידער אַרויף אויפן בוידעם, ווו מיר זענען אָפּגעלעגן 10 טעג.

כ׳האָב דערנאָך ווידער אָנגעקלאַפּט ביי אים אין פענצטער און דערציילט, אַז כ׳קום פון וואַלד און געבעטן עסן. ווידער באַקומען פון אים ברויט, קאַרטאָפל און אַ פלאַש וואַסער. ער האָט דערציילט, אַז ביי אים וווינען צוויי מיליציאָנערן, דעריבער איז געפערלעך דאָ זיך צו באַווייזן. מיר האָבן טאַקע מורא־באַקומען נאָכאַמאָל זיך אויפצוהאַלטן אויף זיין בוידעם און זענען אַריין אין אַ שכנות־דיקער געביידע, ווו מיר האָבן זיך געמאַכט אַ באַהעלטעניש און דאָרט אָפּגעלעגן 14 טעג.

דערווייל האָט דאָס לעבן אין שטעטל זיך נאָרמאַליזירט. מ׳האָט אויפגעהערט צו זוכן יידן אין די בונקערס און אויך דאָס מאָרדן האָט זיך אָפּגעשטעלט. האָבן מיר ביינאַכט פאַרלאָזט אונדזער באַהעלטעניש און אַוועק צו אַ באַקאַנטן אוקראַי־נישן פּויער, איוואַן דאַיאַ. אָן זיין וויסן זענען מיר אַריין אין אַ קאַרטאָפל־קעלער. צוויי וואָכן זענען מיר דאָרט אָפּגעלעגן און זיך דערנערט פון דעם עסן וואָס

די פויערטע פלעגט געבן די הינער. אַ געוויסן טאָג האָט זי אונדז אַנטדעקט. דאָס איז געשען אין דעם מאָמענט, ווען כ׳האָב אויסגעשטרעקט די האַנט צו נעמען דאָס טעפּל מיט די קאַרטאָפל, געמישט מיט קלייען, וואָס זי פלעגט געבן די הינער. די פויערטע האָט געפּאָדערט, מיר זאָלן זיך גלייך אָפּטראָגן. ס׳האָבן נישט געהאָלפן מיינע געוויינען און טרערן. זי האָט אונדז געעצהט צו פאַרשטעקן זיך אויפן פעלד, אין קאָרן — און מיטגעגעבן ביי אַ האַלבן קילאָ ברויט, אַביסל בראָנפן און דריי קעפּלעך קנאָבל.

ליידער האָט דער פויערטעס פעלד זיך אַרויסגעוויזן פאַר נישט זיכער. זענען מיר צוריקגעגאַנגען צום זעלבן פויער און זיך באַהאַלטן אין אַ שייער מיט שטרוי און דאָרט אָפּגעלעגן פינף טעג אָן עסן. דערנאָך זענען מיר אַריבער צו אַן אַנדערן פויער — צום פּאָלאַק יאַן ביעלינסקי. ער איז מיט אונדז געווען באַקאַנט לאַנגע יאָרן. האָבן מיר געהאָפּט, אַז ער וועט אונדז נישט פאַרטרייבן פונעם קעמערל וואָס איז פול געווען מיט שטרוי.

באַלד אויפן צווייטן טאָג האָט אונדז באַמערקט דער זון פון באַלעבאָס. ער האָט געזען ווי דאָס קעמערל איז פון דרויסן אויפגעקייטלט. גלייך האָט ער דערציילט די עלטערן, וועלכע זענען צו אונדז אַרויפגעקומען און איבערגעגעבן, אַז ערשט מיט אַ טאָג פריער האָט מען אין שטעטל געשמועסט, אַז ביי אים האַלטן זיך אויף יידן. דעריבער פאַרלאַנגט ער מיר זאָלן שוין אַוועק.

מיר האָבן פאַר זיי געוויינט, געקושט די פיס און צוגעזאָגט איבערצוגעבן אונדזער הויז... האָט דער פויער אונדז געזאָגט, אַז אַזוי ווי דאָס דריטע הויז פון אים איז נישט באַוווינט, מיינט ער, אַז דאָס בעסטע וואָלט געווען דאָרט זיך צו באַהאַלטן און ער וועט אונדז באַזאָרגן עסן.

## אין אַן אומבאַוווינט הויז

די ערשטע פיר טעג איז געווען ווי מיר האָבן אָפּגערעדט. איינמאָל אין טאָג פלעגט ער אונדז ברענגען עסן. אָבער אויפן פינפטן טאָג האָט ער אויפ־געהערט קומען — און גאַנצע פיר טעג זענען מיר געבליבן אָן עסן. מיר האָבן געזוכט צווישן די זאַנגען און געפונען עטלעכע קערנדלעך — און מיט דעם זיך דערנערט. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז איך זאָל גיין צום פויער זיך דערוויסן וואָס ס׳איז געשען. כדי מ׳זאָל מיך נישט דערקענען, האָב איך פון מיין קלייד מיר אויפגענייט אַ פּאָר הויזן, אָנגעטאָן מיין חתנס היטל מיטן גלאַנציקן דאַשעק — און אַריבער צום פויער. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער איז געווען אין לעמבערג, ווו מ׳האָט דערשאָסן פיל קריסטן, וועלכע האָבן ביי זיך אויסבאַהאַלטן יידן. האָט ער מורא און וויל נישט מער ברענגען אונדז עסן. ער איז אויך נישט געווען צופרידן וואָס כ׳האָב זיך פאַרקליידעט פאַר אַ מאַן, ווייל די אָרטיקע „באַנדע־ראָווצעס" זוכן פאַרטיזאַנער. דאָך האָב איך באַקומען פון אים עסן. מיר האָבן זיך אָפּגעשמועסט, אַז כ׳זאָל יעדע צווייטע נאַכט קומען צו אים נאָך עסן. ריידנדיק אַזוי מיטן פויער, איז אָנגעקומען זיין איידעם. דאָס האָט אונדז ביידע אַריינ־געבראַכט אין גרויסע פאַרלעגנהייט. האָב איך אויסגערופן צום פויער, אַז כ׳קום איצט פון וואַלד און כ׳בעט אים ער זאָל מיר געבן עפּעס צו עסן. ער האָט אויף

מיר זיך כלומרשט צעביזערט און פֿאַרבאַטן צו קומען. כ׳בין מיט גרויס שרעק אַוועקגעלאָפֿן, מיטנעמענדיק מיט זיך דאָס וואָס כ׳האָב פֿון אים פֿריער באַקומען.

אַזוי זענען פֿאַרביי גאַנצע צוויי חדשים. יעדער צווייטע נאַכט פֿלעג איך ביי יאַן ביעלינסקין באַקומען עסן און פֿון צייט צו צייט — אויך ביי איוואַן דאַיאַ, וועלכער האָט געוווינט מיט צוויי כאַטעס ווייטער.

אין אַ געוויסן טאָג איז אין אונדזער הייזקע געקומען די שוועסטער פֿונעם אייגנטימער, כדי נעמען שטרוי. זי האָט אונדז אַנטדעקט און דערביי זיך שטאַרק דערשראָקן. כ׳האָב זי אָנגעהויבן רופֿן ביים נאָמען (מיר זענען געווען באַקאַנט), אָבער דאָס האָט נישט געהאָלפֿן. פֿון גרויס שרעק האָט זי גאָרנישט געהערט און איז אַנטלאָפֿן. זי איז אַריין צו אַ באַקאַנטן פּויער און דערציילט וועגן דער אַנטדעקונג און דערביי געשילדערט אונדזער שרעקלעכן אויסזען. דער דאָזיקער פּויער האָט מיט איר געשיקט אונדז אַ פֿלעשל מילך. זי איז דערמיט געקומען אין אַ שעה אַרום, אויפֿגעעפֿנט די טיר און גאָרנישט זאָגנדיק, אַוועקגעשטעלט עס און אַנטלאָפֿן.

כ׳בין געווען זיכער, אַז זי וועט נישט באַהאַלטן איר סוד און פֿאַר יעדן איינעם אויספּלאַפּלען. כ׳האָב דעריבער באַשלאָסן מיט איר זיך צו זען. די זעלבע נאַכט האָב איך זיך איבערגעטאָן פֿאַר אַ מאַן און אַוועק צו איר. זי האָט געהייסן זאָפֿיאַ מאַקסימאָוויטש און האָט איינע אַליין געוווינט נישט ווייט פֿון אונדזער באַהעלטעניש. ווען זי האָט מיך אָבער איצט דערזען, איז זי ווידער אין טויט־שרעק אַנטלאָפֿן. ס׳האָט נישט געהאָלפֿן מיין ווייטערדיק קלאַפּן און רופֿן. זי איז מער נישט צוגעגאַנגען צום פֿענצטער. בין איך געגאַנגען צום באַקאַנטן פּויער נאָך עסן און ביי דער געלעגנהייט אים דערציילט וועגן דער היינטיקער געשעעניש. ער האָט מיר צוגעזאָגט מיט איר זיך אַדורכצוריידן. צומאָרגנס, ווען כ׳בין ווידער געקומען צום טויער, האָט ער מיר דערציילט, אַז די קריסטין וווינט איצט ביי אים. זי האָט פֿון מיין קלאַפּ אַזוי זיך דערשראָקן, אַז זי האָט מורא אַליין צו שלאָפֿן ביי זיך און דערפֿאַר זיך אַריבערגעצויגן צו אים.

די דאָזיקע ידיעה האָט אונדז אויסגעוויזן צו זיין גינסטיק. מיין חתן איז אַוועק צו איר בעטן, זי זאָל קיינעמען נישט דערציילן. אָבער אויך מיט מיין חתן האָט זי נישט געוואָלט ריידן, ווי נאָר דורך דער פֿאַרמיטלונג פֿון אונדזער באַקאַנטן פּויער. זי האָט צוגעזאָגט קיינעמען נישט צו דערציילן. ביי דער געלעגנהייט האָט מיין חתן זיך דערוווּסט, וועלכער פּויער האָט אונדז דורך איר געשיקט דאָס פֿלעשל מילך. כ׳בין באַלד צו אים אַריבערגעגאַנגען, געדאַנקט פֿאַר דער טובה און געבעטן ער זאָל קיינעמען נישט דערציילן. דאָס איז געווען דער פּאָלאַק פּאַגאָדאַ.

צוקומענדיק צו אים, האָב איך דערהערט ווי עמעץ קלאַפּט אין פֿענצטער. איך בין גלייך פֿון דאָרט אַנטלאָפֿן. שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דאָס איז געווען מיין קוזין, וועלכער האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַ קריסט. ביינאַכט פֿלעגט ער ווי מיר, גיין צו באַקאַנטע און ביי זיי בעטן הילף.

קלאָר, אַז פֿון אונדזער באַהעלטעניש ווייסט נישט איינער. האָבן מיר זיך אָפּגעשמועסט מיט איוואַן דאַיאַ, ער זאָל דערציילן דער קריסטין, אַז מיר זענען

אַוועק אין וואַלד; אַז מ׳זאָל שוין אין די פענצטער ביי אים נישט קלאַפּן, נאָר וואַרטן אין שטאַל, ביז ער וועט אַליין ברענגען דאָס עסן.

אין אַ חודש אַרום איז די זעלבע קריסטין ווידער געקומען נעמען שטרוי. נאָר דאָסמאָל — אין באַגלייטונג פון איר שוועסטער, דער אייגנטימערין פונעם הייזל, טעקלאַ פּעדירקאַ. אויך די דאָזיקע טעקלאַ האָט זיך נישט וויניקער דערשראָקן, ווען זי האָט אונדז דערזען. קיין שטרוי האָבן זיי שוין נישט גענומען — און זענען אַוועק.

אונדזער לאַגע איז געוואָרן פאַרצווייפלט. דער מאַן פון טעקלאַ, סטאַך פּעדריקאַ, האָט געשמט אַלס מערדער (הגם פון פאַך איז ער געווען אַ סטאָליער). קוים דערציילט זי דעם מאַן וועגן אונדז, זענען מיר פאַרלוירן.

דערווייל איז ווידער אַדורך אַ חודש. זעט אויס, אַז די אייגנטימערין פון דער הייזקע האָט נישט דערציילט איר מאַן.

איינמאָל, ווען כ׳בין געווען אין שטאַל און געוואַרט אויף דעם פּויער ער זאָל מיר אַרויסברענגען עסן, האָט זיך פּלוצים באַוויזן מיין קוזין אַלעק פּענסטער (דאַן — 22 יאָר אַלט). פון אים האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אַכט טעג איז ער צוזאַמען מיט זיין מוטער און שוועסטער געלעגן אין אַ בונקער, ווען מ׳האָט ליקווידירט דאָס ראָהאַטינער געטאָ. שפּעטער זענען זיי אַרויס פון בונקער. די מוטער און שוועסטער זענען געווען שוואַך און דעריבער נישט געקאָנט מיטגיין מיט אים. איז ער אַליין אַוועק.

אויף מיין פראַגע „צי וואָס איז ער געקומען?״ — האָט ער געענטפערט, — אַז נאָך עסן. כ׳האָב אים פאַרגעהאַלטן, אַז וויסנדיק דאָס איך נעם ביים פּויער עסן, האָט ער נישט באַדאַרפט קומען. ער האָט אָבער דערציילט, אַז ער האָט דעם דאָזיקן פּויער געגעבן אַ ווערטפולע זאַך, פאַר וועלכער ר׳האָט זיך פאַרפליכטעט אים צו געבן עסן. דערוויסנדיק זיך ווו מיר זענען — איז ער אַוועק.

דעם 15־טן אויגוסט 1942 אין אין שטעטל אָנגעקומען אַ פאָלק דייטשישע סאָלדאַטן. דער פּחד פאַר זיי איז געווען אַזוי גרויס, אַז כמעט אַלע פּויערן פון דאָרף זענען זיך צעלאָפן אין די וועלדער. אין דער זעלבער צייט איז אויך מיין קוזין געקומען צו מיר, נישט קענענדיק מער פאַרבלייבן ביי זיין פּויער. מיר האָבן אין שייכות מיט זיין קומען איבערגעלעבט אַ שרעקלעכע נאַכט.

אונדזער פּויער איז געווען זיכער, אַז די דייטשן וועלן זוכן אין אַלע געביידעס. ער האָט אונדז געראָטן אַוועקצוגיין. מיר זענען געווען פאַרצווייפלט, געוויינט און געקלאָגט אַ גאַנצן טאָג. דאָ, אין דער דאָזיקער הייזקע, האָבן מיר נאָך פון צייט צו צייט באַקומען אַביסל עסן. אויך האָבן מיר געהאַט נאָענטע גערטנער, ווו מען פלעגט איינשטעלנדיק דאָס לעבן אַרויסרייסן אַביסל גרינצייג. וואָס וועט איצט זיין?

אין קעלערס, ביידעמער, שייערס, גריבער

ווען ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט, האָבן מיר זיך פאַרנומען פון אונדזער באַהעלטעניש. אָפּגייענדיק ביי א קילאָמעטער, זענען מיר אַריין אין אַ שאָפּע, ווו ס׳האָט

זיך געפונען אַ ליידיקער גרוב פון קאַרטאָפל. איז מען דאָרט אַריינגעקראָכן. דער באָדן אין גרוב איז געווען אַ נאַסער, זענען מיר אַ גאַנצע נאַכט געשטאַנען, נישט געווען ווו זיך אַוועקצוזעצן.

צומאָרגנס האָבן מיר געזען, ווי די אייגנטימערין פון דער שאַפע גראָבט קאַרטאָפל. האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז זי וועט זיי אַריינשיטן אינעם גרוב, ווו מיר געפינען זיך. זי קאָן אונדז נאָך אויסגעבן. איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מיין חתן זאָל זיך ערגעץ אַנדערש אויסבאַהאַלטן און איך מיט מיין קוזין בלייבן דאָ. ווען די פויערטע וועט אָנשיטן די קאַרטאָפל אין קעלער, זאָל איך און דער קוזין, ווענמען זי האָט גוט געקאָנט, זי בעטן עסן. מיר האָבן געהאָפט, אַז זי וועט דאָך אויף אונדז רחמנות־האָבן.

אַזוי האָבן מיר געטאָן. נאָך לאַנגע תחנונים און וויינערייען, האָט זי געבראַכט פון שטוב ברויט, קאַשע און קנאָבל. מיר האָבן איר געזאָגט, אַז מיר געפינען זיך אין וואַלד. מיר האָבן איר האַרציק באַדאַנקט. (דער נאָמען פון דער דאָזיקער פויערטע: פראַנקאַ באַנאַרין). זי איז געווען די געליבטע פון אָרטיקן גלח, אַ גרויסער שונא־ישראל. אויב זי וועט אים פון אונדז דערציילן, גיט ער אונדז איבער צו די באַנדעראָווצעס. דער זעלבער גלח פלעגט וואָרענען די פויערים, זיי זאָלן נישט אויפהאַלטן ביי זיך קיין יידן.

דער דאָזיקער גרוב איז שוין אויך נישט געווען קיין אָרט פאַר אונדז. ווי נאָר ס׳איז געוואָרן טונקל, זענען מיר פון דאָרט אַוועק. אין גרויס פאַרצווייפ־לונג האָט דער קוזין זיך דערמאָנט, אַז איידער ער איז צו אונדז געקומען, איז ער געלעגן אויף אַ ליידיקן בוידעם, ווו ר׳האָט איבערגעלאָזן אייניקע זאַכן. האָבן מיר באַשלאָסן אַהין אַרויפצוגיין. די איבערגעלאָזענע זאַכן ליגן נאָך, וועט דאָס זיין אַ באַווייז, אַז קיינער קומט נישט אַהין. דאָס איז געווען אַ יידיש הויז, קיינער האָט דאָרט נישט געוווינט.

מיט גרויס שוועריקייטן האָבן מיר זיך אַרויפגעדראַפּעט אויפן בוידעם און פעסטגעשטעלט, אַז די איבערגעלאָזענע זאַכן זענען נישטאָ. דאָס הייסט, אַז מענטשן קומען אַהער און דאָס אָרט איז פאַר אונדז נישט זיכער. די דאָזיקע נאַכט האָבן מיר שוין דאָרט איבערגענעכטיקט. אויף דער צווייטער נאַכט איז מיין קוזין אַרויסגעגאַנגען זוכן אַ מקום. מיר האָבן געוואַרט אַ גאַנצע נאַכט און דעם צווייטן טאָג — און ער איז נישט געקומען.

כ׳האָב זיך דערמאָנט, אַז ווען מיר זענען נאָך געווען אין געטאָ, האָט אַ געוויסער דזשעגאַלאַ קאַזשיק מיר געזאָגט, אַז אויב כ׳וועל מוזן אַנטלויפן פון געטאָ, מעג איך קומען צו אים. ער וועט מיך אויסבאַהאַלטן. מיר האָבן זיך געלאָזט צו אים. דערוויל זענען מיר אַרויף אויפן בוידעם און זיך איינגעגראָבן אין שטרוי.

אָפּליגנדיק דאָרט אַ געוויסע צייט, האָט זיך אונדז אויסגעוויזן, אַז אויסער אונדז, געפונט זיך נאָך עמעצער אויפן בוידעם. פאַרטאָג האָבן מיר געזען, ווי דער פויער איז אַרויפגעקומען מיט עסן. צו אונדזער דערשטוינונג איז פונעם שטרוי אַרויסגעקראָכן נישט קיין אַנדערער — ווי מיין קוזין. איצט האָבן אויך מיר זיך באַוויזן פאַרן פויער. האָט ער אויך אונדז געבראַכט עסן. גלייכצייטיק

האָט ער דערקלערט, אַז ביים בעסטן ווילן קאָן ער ביי זיך נישט האַלטן דריי יידן, העכסטנס — איינעם.

מיר זענען דאָרט פאַרבליבן ביז דער צווייטער נאַכט. ער איז ווידער געקומען און קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז ער קאָן אונדז נישט האַלטן.

נישט האָבנדיק ווו צו גיין, זענען מיר ווידער אַרויף אויפן לײדיקן בוידעם פון יידישן הויז און זיך דערנערט פון רייסן גרינצייג אין די דערבײיאיקע גערטנער. מיר זענען דאָרט אָפּגעלעגן ביי אַ צוויי וואָכן.

נאָך 14 טעג אָפּזיין אין דאָרף, זענען די דייטשן אַוועק. מיר האָבן דאַן באַשלאָסן צוריקצוגיין צו אונדזער אַלטער באַהעלטעניש. האָב איך שוין גענומען ביי ביידע באַקאַנטע פויערים עסן: ביי מיעלינסקין און ביי איוואַנען. פון ביידע צוזאַמען האָבן מיר באַקומען אַזויפיל, אַז ס׳האָט קוים געקלעקט אויף נישט צו שטאַרבן פון הונגער.

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער, ווען כ׳בין אינמיטן נאַכט אַרויפגעגאַנגען זוכן אוגערקעס אין דערבײיאיקן גאָרטן, (אויך מיין קוזין האָט זיך אַרויסגעלאָזט זוכן „גליק״), האָב איך דערהערט ווי מען שליסט אויף די טיר פונעם הייזל, אין וועלכן מיר האָבן זיך אויפגעהאַלטן און עמעץ גייט אַריין אין צימער. אין דעם מאָמענט איז מיין התן אַרויסגעשפּרונגען דורכן פענצטער און זיך אויס־באַהאַלטן אין גאָרטן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז געווען דער אייגנטימער פונעם הייזל וועלכער איז געקומען נעמען ברעטער.

נאָך זיין אַוועקגיין, זענען מיר צוריק אין דער באַהעלטעניש. פון מיינע קליידער וואָס כ׳האָב אויפגעהאָנגען אויפן בוידעם צום טרוקענען, האָט עפּעס געפעלט. הייסט עס, אַז דער פויער האָט זיי צוגענומען און דעריבער ווייסט ער זיכער פון אונדזער אָנוועזנהייט ביי זיך אין הויז. דאָס אָרט איז געווען געפער־לעך. קענענדיק דעם דאָזיקן פאַרשוין פאַר אַ שונא־ישראל, האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף וואָס שנעלער פונדאַנען אַנטלויפן.

זענען מיר אַוועק און זיך באַהאַלטן אין אַ שכנותדיקן גאָרטן, איינגעגראָבן זיך צווישן קרויט. אַ שלאַקס רעגן האָט אונדז דורכגעווייקט ביזן לעצטן ביין. אַ צאָן אָן אַ צאָן האָט געקלאַפּט פון קעלט און נעץ. פּלוצים איז פאַרבייגעגאַנגען אַ יינגל און אונדז באַמערקט. שפּעטער איז ער מיט זיינע עלטערן און ברידער געקומען אונדז „מקבל־פּנים״ זיין. מיר האָבן זיי אָנגעהויבן בעטן און וויינען, זיי זאָלן האָבן רחמנות און לאָזן לעבן.

די פויערים האָבן אונדז גוט געקענט און אונדזערע תחנונים האָבן אויף זיי געווירקט. זיי האָבן אונדז געבראַכט עסן און אויך דערלויבט אָפּצורייסן אַביסל גרינצייג. גלייכצייטיק האָבן זיי אונדז געבעטן צו פאַרלאָזן דעם גאָרטן.

אַז מ׳איז געבליבן אָן אַן אויסוועג, זענען מיר צוריק אַוועק אויפן לײדיקן בוידעם, הגם דאָרט איז נישט געווען זיכער. אויך מיין קוזין איז מיט אונדז מיטגעגאַנגען.

כ׳בין אויך געווען ביים „האָלאָוואַ״ (ראש) פון שטעטל, איוואַן איוואַנאָוו, ווו כ׳האָב זיך דערוווּסט, אַז דער אייגנטימער פון דער הייזקע אין וועלכער מיר

האָבן זיך אויפגעהאַלטן, האָט אים שוין פריער דערציילט, אַז ביי אים געפונען זיך זשידעס. האָט אויך ער געראַטן וואָס שנעלער צו פאַרלאָזן דאָס דאָזיקע אָרט.

דאָך זענען מיר פאַרבליבן אויפן בוידעם. יעדער צווייטע נאַכט געגאַנגען צו אונדזער באַקאַנטן פויער נאָך עסן און אויך באַזוכט אייניקע גערטנער, כדי אָנרייסן אַביסל גרינצייג.

נאָך צוויי וואָכן זיצן אויפן בוידעם איז איינמאָל אינמיטן טאָג אַרויפ־געקומען אַ געוויסער טאַטאַנטשוק. ער האָט זיך אַרומגעקוקט איבערן בוידעם און שנעל אַראָפּ. זעט אויס, אַז ער האָט אונדז נישט באַמערקט. אָבער פון דעם דאָזיקן וויזיט האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז ער האָט בדעה צו באַנוצן זיך מיט דעם בוידעם.

אַזוי איז טאַקע געווען. אין אַ צייט אַרום איז ער געקומען צו פאָרן מיט אַ וואָגן שטרוי. אָפּהיטנדיק אַלע פאָרזיכטס־מיטלען, זענען מיר אַוועק פונעם בוידעם און אַריין אין אַ דערבייאיקער שאָפּע און ערשט ביינאַכט צוריקגעקומען אויפן בוידעם. דאָסמאָל איז דאָס אַרויפדראַפּען זיך אַהין אָנגעקומען זייער שווער. דער בוידעם איז געווען פול מיט שטרוי.

ביז נאָוועמבער 1943 איז דער פויער אַרויפגעקומען און כסדר גענומען צו עטלעכע בינטן שטרוי. אויפן בוידעם איז געוואָרן ליכטיקער. מיר האָבן פאַר־שטאַנען, אַז סוף־כל־סוף וועט ער אונדז באַמערקן.

מיין קוזין האָט דעריבער פאָרגעלייגט, אַז אַזוי ווי די וואַנט פונעם בוידעם איז געפלאָכטן פון שטרוי, זאָלן מיר אַרויפברענגען די קוסטעס פון בעבאַלעך און דערפון אויספלעכטן אַ צווייטע וואַנט, איבער דער גאַנצער ברייט פון בוידעם.

גערעדט און געטאָן. אין צוויי טעג אַרום האָבן מיר שוין געהאַט אויפן בוידעם אַזאַ „סכראָן", גוט פאַרמאַסקירט. דאָך האָבן מיר באַשלאָסן, אַז מיין קוזין, וועלכער האָט ביים דאָזיקן פויער שוין באַקומען עטלעכע מאָל ברויט, זאָל צו אים אַריבערגיין כלומרשט בעטן עסן און דערביי זיך דערוויסן צי ר'האָט אונדז אַנטדעקט.

קומענדיק צו אים, האָט דער פויער אָנגעהויבן אויספרעגן מיין קוזין ווו ער געפינט זיך. אויף זיין ענטפער, אַז אין וואַלד, האָט אים דער פויער געגעבן אַן עצה זיך אויסצובאַהאַלטן אויפן בוידעם. אויף דעם האָט מיין קוזין דערקלערט, אַז דערווייל וועט ער נאָך בלייבן אין וואַלד, נאָר שפּעטער, ווען ס'וועט ווערן קאַלט, וועט ער אפשר אַרויפגיין אויפן בוידעם. צוריקקומענדיק מיט דער דאָזיקער ידיעה, האָבן מיר באַשלאָסן ווייטער צו פאַרבלייבן אויפן בוידעם.

אויפן צווייטן טאָג איז דער פויער געקומען אויפן בוידעם און אָנגעהויבן רופן מיין קוזין ביים נאָמען. ער האָט זיך אָבער נישט אָנגערופן און דער פויער איז אַוועק מיט גאָרנישט.

ענדע דעצעמבער איז דער פויער געקומען אַרויף אויפן בוידעם און אָנגעהויבן רופן און פייפן. פון גרויס איבערראַשונג איז מיין קוזין אַרויס פון באַהעל־טעניש. ער האָט אים געפרעגט, ווער נאָך איז דאָרט באַהאַלטן. בין אויך איך אַרויס פון „סכראָן". נאָכדעם ווי מיר האָבן אים צוגעזאָגט „גאָלדענע בערג", האָט ער פאַרזיכערט, אַז ער וועט אונדז נישט טאָן קיין שלעכטס, אַפילו ברענגען

פון צייט צו צייט עסן. אין די ערשטע טעג האָט ער זיין צוזאָג געהאַלטן. שפּעטער האָט ער אויפגעהערט קומען. האָבן מיר מורא־באַקומען, אַז ער וועט אונדז אויסליפערן די באַנדעראָווצעס.

מיט 10 טעג שפּעטער איז ער ווידער געקומען, עפּעס געבראַכט צו עסן און דערביי מודה־געווען, אַז ער איז וויצע־פּרעזעס ביי די באַנדעראָווצעס. אין די לעצטע טעג איז ער נישט געווען אין דער היים און דערפאַר נישט געקאָנט זיין ביי אונדז. ער האָט זיך באַרימט, אַז ר׳האָט אויסגעמאָרדעט פיל פּאָלאַקן.

הערנדיק ווי ציניש ער באַרימט זיך מיט זיינע מערדערייען, זענען מיר דערשיטערט געוואָרן. ס׳איז געווען קלאָר, אַז דאָס זעלבע וועט ער טאָן מיט אונדז. נאָר זעט אויס, אַז דער „ריח" פון דריי הייזער, וואָס מיר האָבן אים צוגעזאָגט, האָט געצוימט זיין פאַרדאָרבענע נאַטור און ער האָט אונדז קיין שלעכטס נישט געטאָן. ער האָט אונדז אַפילו געבראַכט צייטונגען און איבערגעגעבן, אַז די רוסן קעמפן גוט. דאָס איז פאַר אונדז געווען וויכטיקער ווי עסן. אויס דאַנק־באַרקייט האָבן מיר אים געקושט די הענט.

### דער אַרעסט און דאָס אַנטלויפן

דעם 10־טן יאַנואַר 1944 האָט אַ קנאַקעדיקע פראָסט אונדז ממש אַרויס־גענומען דעם מאַרך פון די ביינער. מיר זענען פאַרשטאַרט געוואָרן פון קעלט. דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס אין אַזעלכע שרעקלעכע קעלטן האָב איך געמוזט גיין נאָך עסן. כ׳בין נישט געווען ווי געהעריק אָנגעטאָן און אויך דער גאַנג זעלבסט איז געווען פאַרבונדן מיט פיל געפאַרן. טיילמאָל איז מיר שוין ליבערשט געווען צו הונגערן, איידער זיך לאָזן אין דעם געפערלעכן וועג.

נאָך אַ צווייוואָכנדיקער פויזע, בין איך דעם 26־טן יאַנואַר 1944, ווידער געגאַנגען נאָך עסן. מיין קוזין איז מיטגעגאַנגען. מיר זענען געווען זייער שוואַך, קוים זיך געהאַלטן אויף די פיס. דערווייל האָבן מיר פאַרגעסן צו פאַרמאַכן דאָס טירל פון אונדזער באַהעלטעניש. מיין חתן איז געווען אַזוי אָפּגעשוואַכט און פאַרפרוירן, אַז ער האָט זיך נישט געקאָנט אויפהייבן צו פאַרמאַכן דאָס טירל.

דאָס אָפענע טירל האָט פאַראַטן — און ס׳זענען אַרויפגעקומען דריי באַנ־דעראָווצעס, וועלכע האָבן שוין נישט באַדאַרפט זוכן. נאָכדעם ווי זיי האָבן מיין חתן שטאַרק צעשלאָגן, האָט ער זיי אויסגעזאָגט, אַז אויסער אים זענען דאָ נאָך צוויי וואָס זענען אַוועק נאָך עסן. זיי האָבן אים אָפּגעפירט אויף דער מיליץ און באַלד זיך אומגעקערט, כדי אונדז אָפּוואַרטן.

צוריקקומענדיק מיט אַ ביסל קאַרטאָפל, קרויט, ברויט און אַ פלעשל מילך וואָס כ׳האָב באַקומען פון מיין פויער, האָב איך באַגעגענט מיין קוזין, וועלכער האָט אויך געטראָגן אַביסל שפּייז. צוזאַמען זענען מיר געגאַנגען צו דער באַהעל־טעניש. ווען כ׳בין געגאַנגען נאָך עסן, פלעג איך אויך אָנשעפּן אַ פלעשל וואַסער צום טרינקען. דאָסמאָל בין איך געווען אַזוי שוואַך און פאַרפרוירן, אַז כהאָב שוין נישט געהאַט קיין כוח דאָס צו טאָן. האָב איך געבעטן מיין קוזין ער זאָל עס טאָן און אַליין זיך געלאָזט צום הויז. צוקומענדיק צום אָרט, האָבן די דריי באַנדעראָווצעס מיך געכאַפּט און אָנגעהויבן אויספרעגן ביי וועמען כ׳האָב באַקומען

דאָס עסן. זיי האָבן דערביי מוראדיק געשלאָגן (אגב, אַלע דריי זענען מיר געווען גוט באַקאַנט). האָב איך אָנגעהויבן שרייען, כדי, ווי כ׳האָב געטראַכט, מיין חתן זאָל דערהערן, ווי אויך מיין קוזין — און זיך ראַטעווען. איינער פון זיי, מיטן נאָמען בילטשאָוו, האָט מיר אַ זעץ געטאָן מיט דער פלאַש מילך און אויסגעהאַקט צוויי ציין. צוליבן אומאויפהערלעכן שרייען האָבן זיי מיר פאַרשטאָפּט דאָס מויל און נישט אויפגעהערט צו שלאָגן. האָב איך אָנגערופן די נעמען פון די פּויערים, וועלכע פלעגן אונדז אָנטאָן צרות, אַז פון זיי האָב איך באַקומען דאָס עסן.

מיין שרייען האָט געהאַט די ווירקונג, אַז דער קוזין איז אַנטלאָפן. דערנאָך האָבן זיי מיך אַוועקגעפירט אויף דער פּאָליצײ־קאָמענדע. אויפן וועג האָבן זיי געפרעגט צי כ׳האָב נישט באַהאַלטן קיין גאָלד, אָדער געלט און געגעבן אָנצו־הערן, אַז זיי וועלן מיך לאָזן לעבן. כ׳האָב זיי דערקלערט, אַז דאָס אַלץ געפינט זיך ביי מיין חתן. אויב זיי לאָזן מיך צו אים, דאַן וועל איך ברענגען דאָס גאַנצע געלט.

נאָך גרויסע פּייניקונגען, האָבן זיי מיך אַריינגעשטופּט אין אַ טונקעלער קאַמער. ווי דערשטוינט בין איך געוואָרן, ווען כ׳האָב דאָ דערהערט דאָס קול פון מיין חתן.

נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך דערציילט אַלץ וואָס יעדער האָט אַדורכגעמאַכט, האָבן מיר אָנגעהויבן זוכן אַ וועג ווי אַזוי זיך אַרויסצובאַקומען. כ׳האָב זיך אַרויפגעדראַפּעט אויפן פענצטער וואָס איז געווען מיט קראַטן, אַרויסגעקוקט אין דרויסן און באַמערקט, אַז די פראָסט האָט שוין נאָכגעלאָזט, ס׳האָט געשיט אַ מילדער שניי. כ׳האָב אין דער פינצטערניש דערקאָנט ביידע וואַכלייט וואָס האָבן אונדז געהיטן, צוויי באַקאַנטע פּאָלאַקן: איינער האָט געהייסן יאַן סטראַ־זשינסקי, דעם צווייטנס נאָמען געדענק איך נישט. כ׳האָב זיי אָנגעהויבן בעטן אונדז צו ראַטעווען. זיי האָבן דערקלערט, אַז טראָץ זייער בעסטן ווילן, קאָנען זיי אונדז גאָרנישט העלפן. זיי גייען באַלד אַוועק, אויף זייער אָרט וועלן קומען צוויי יונגע אוקראַינער נישט צופיל איבערגעשפּיצטע. מעגלעך, אַז מיר וועלן ביי זיי עפּעס אויספּועלן. אויף מיין ביטע האָבן זיי מיר געגעבן שוועבעלעך. מיר האָבן אָנגעצונדן און זיך איבערצייגט, אַז אין דער קאַמער געפינט זיך אַן עפענונג. מיין חתן האָט זיך אַהין אַרויפגעדראַפּעט. אויפן בוידעם איז קיין עפענונג נישט געווען. האָט ער אָנגעהויבן מאַכן אַזאַ עפענונג, אַרויסגענומען ציגל פון דער וואַנט. דערוויילע זענען אָנגעקומען די צוויי אַנדערע שומרים. כדי זיי זאָלן נישט הערן דאָס קלאַפּן אויפן בוידעם, האָב איך מיט מיינע הילצערנע שיך אָנגעהויבן קלאַפּן אין דער פּאָדלאָגע. אויף דער פראַגע פון די וועכטער פאַרוואָס איך קלאַפּ, האָב איך געענטפערט, אַז ס׳איז מיר קאַלט און כ׳וויל זיך דערוואַרעמען. ענדלעך איז די עפענונג געווען פאַרטיק — און מיין חתן איז צוריק אַראָפּ פון בוידעם.

מיר האָבן זיך אָפּגערעדט, אַז ער שפּרונגט דער ערשטער. נישט וועלנדיק שפּרונגען אין שיך, כדי די וועכטער זאָלן נישט דערהערן, האָט ער די שיך איבערגעלאָזט כ׳זאָל זיי מיטנעמען מיט זיך. מ׳האָט באַדאַרפט שפּרונגען פון אַ הייך פון פיר מעטער. דעם חתנס שפּרונג איז גע־לונגען און די וואַך־לייט האָבן

אים נישט באַמערקט. ווען ס׳איז געקומען מיין ריי, בין איך אַרויף אויפן בוידעם, נאָר זיינע שיך נישט געפונען. בין איך געשפּרונגען אָן זיי. מיין שפּרונג, טראָץ דעם, וואָס מיין חתן האָט מיך פּשוט געכאַפּט אין דער לופטן, איז באַמערקט געוואָרן דורך די היטער. זיי האָבן אונדז נאָכגעשאָסן, אָבער צוליב דער פינצטער־ניש — נישט געטראָפן. אויף זייער אַלאַרם איז די מיליץ זיך צוזאַמענגעלאָפן און מ׳האָט אונדז אָנגעהויבן נאָכיאָגן. דער שניי האָט פאַרראַטן אונדזערע טריט. דאָך האָבן מיר באַוויזן זיך אַרויסצורייסן פון אונדזערע פאַרפאָלגער. מיר זענען אָנגעקומען אין אַ קאָלאָניע, עטלעכע קילאָמעטער פון אונדזער שטעטל. ערשט דאָ האָב איך דערזען, אַז מיין חתן איז נישטאָ. ער האָט אויפן וועג פאַרלוירן די ברילן, אָן וועלכע ער האָט שוואַך געזען און דעריבער האָט ער אַוודאי פאַרבלאָנ־דזשעט.

כ׳בין אַריין צו אַ באַקאַנטער קריסטין. זי האָט מיר געגעבן אַ טעפּעלע מילך, אָבער גלייכצייטיק דערקלערט, אַז כ׳מוז שוין פאַרלאָזן איר הויז. זי וויל נישט ברענגען אויף זיך קיין אומגליק.

כ׳האָב שוין נישט געהאַט קיין כּוח און נישט געוווּסט ווּ צו גיין. בין איך צו צו אַ סטויג שטרוי און זיך דאָרט איינגעגראָבן. שפּעטער האָב איך באַמערקט ווי עס זענען אַדורכגעלאָפן עטלעכע מיליציאָנערן, וועלכע האָבן מיך פאַרפאָלגט. מיך האָבן זיי נישט באַמערקט, נאָר די שפּורן אויפן שניי האָבן זיי דערפירט צו דער פויערטע. זיי זענען צו איר אַריין...

אויף די זעלבע שפּורן אין שניי, בין איך צוריקגעלאָפן אין שטעטל און אַריין אינעם קאַרטאָפל־קעלער פון פויער, ביי וועלכן כ׳פלעג באַקומען עסן. דער פרישער שניי האָט פאַרווישט מיינע שפּורן און די מיליציאַנטן האָבן שוין נישט געקאָנט מיך אַנטדעקן.

באַלד נאָך זייער אַוועקגיין, איז די פויערטע צו מיר געקומען. זי האָט זיך משער געווען, אַז איך דאַרף זיך באַהאַלטן אין קעלער. זי האָט מיר דערקלערט, אַז איך מוז תיכף פאַרלאָזן דאָס אָרט.

## דער סוף פון מיין חתן

געווען איז דאַן 10 אינדערפרי. כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז ווי נאָר כ׳שטעל אַרויס אַ פוס, וועט מיך יעדעס קינדער דערקענען. מיין פּנים איז געווען פאַרבלו־טיקט, אין לויפן האָט זיך מיין קלייד אינגאַנצן צעריסן. כ׳בין אויך געווען שרעקלעך שמוציק. אין די לעצטע 14 חדשים האָב איך דאָס העמד נישט געטוישט. איך האָב נישט געהאַט קיין אויסזען פון אַ מענטשן. בין איך פון הויף נישט אַרויס, נאָר זיך באַהאַלטן אין שטרוי וואָס איז דאָרט געלעגן.

ליגנדיק אין שטרוי, האָב איך געקאָנט אָבסערווירן וואָס עס טוט זיך אין הויף. פאַרנאַכט איז דער פויער צוריקגעקומען פון וואַלד. דערנאָך איז ער צוזאַמען מיט זיין זון, באַוואָפנט מיט אַ האַק, צוגעקומען צום שטרוי, ווּ כ׳בין געלעגן און מיך אָנגעהויבן זוכן. צוליב דער פינצטערניש האָבן זיי מיך נישט געפונען. האָט איינער פון זיי גענומען אַ לאַנגע דראָט און אָנגעהויבן דורכשטעכן דאָס שטרוי. האָב איך נאָך באַוויזן אַרויסצולויפן...

כ׳בין אַוועק צו אַ פויער נישט ווייט פון דאָרט און אַריין אין אַ קעלער פון קאַרטאָפל. אַז דער הונט האָט אָנגעהויבן בילן, איז דער פויער אַרויסגעקומען און אָנגעהויבן זוכן. צום גליק האָט ער מיך נישט געפונען. דאָרט בין איך געווען ביז פאַרטאָג. שפּעטער בין איך צוריק צו דעם זעלבן פויער וואָס האָט מיך געוואָלט הרגענען. איך האָב געהאַט אַ שטיקל האָפענונג, אַז זיי וועלן דאָך רחמנות האָבן אויף מיר. איך בין זיי געווען טריי, אויסגעהאַלטן אַלע קלעפּ און פייניקונגען — און זיי נישט אויסגעגעבן!

דער הויף איז געווען פאַרשלאָסן. נישט אַנדערש, ער האָט זיך באַוואָ־ינט קעגן מיין קומען. כ׳בין אַריין אין אַ קופּע שטרוי, נאָר זעט אויס, אַז זיין שכן האָט מיך באַמערקט, איז ער צו צום שטרוי און אָנגעהויבן צו מיר ריידן, הגם ר׳האָט מיך נישט געזען. ער האָט מיר דערציילט, אַז נעכטן האָט מען מיין חתן דערשאָסן, און ווי אַזוי מ׳האָט אים באַערדיקט. ער האָט מיר אויך געבראַכט אַ שטיקל ברויט. איך האָב עס נישט געקאָנט עסן. אַ גאַנצן טאָג האָב איך יאָמער־לעך געוויינט.

ווען ס׳איז געוואָרן טונקל, איז צו מיר געקומען דער זון פון פויער און געזאָגט, אַז זיין מוטער רופט מיך אין שטאַל אַריין. זי האָט מיר געגעבן מילך צו טרינקען און גערעדט צו מיר זייער העפלעך, אַז כ׳מעג דאָ אַפילו פאַרבלייבן.

די דאָזיקע העפלעכקייט און דערלויבעניש צו פערבלייבן, האָבן פאַרראַטן זייערע בייזע כוונות, ווייל אַפילו אין די בעסטע צייטן האָבן זיי מיר נישט דערלויבט צו זיין ביי זיך. האָב איך איר דערקלערט, אַז כ׳גיי אַוועק. דערהערנדיק דאָס, האָט זי מיר שנעל געבראַכט אַ ברייטל און אויך די זאַכן וואָס כ׳האָב ביי זיי איבערגעלאָזט, אויסער אַ קליידל פאַר מיר. די פויערטע מיטן פויער האָבן מיך שטאַרק צוגערעדט, כ׳זאָל פון זיי נישט אַוועק.

איך בין צוריק אַריין אין שטאַל, אָבער ווען ער האָט מיך געוואָלט פאַר־שליסן, בין איך דערויף נישט איינגעגאַנגען.

פון דער אָפענער שטאַל האָב איך אים גוט אָבסערווירט. ער איז אַוועק־געגאַנגען צום שכן, ווו כ׳בין נעכטן געווען באַהאַלטן. אויף אַלע פיר בין איך אים נאָכגעקראָכן ביז אויפן צווייטן הויף. דאָרט איז דער שכן געזעסן אין דרויסן. כ׳האָב דייטלעך געהערט די ווערטער פון מיין פויער:

— איך קען עס נישט טאָן. אויב דו ווילסט — מאַך עס דו, ווייל זי גייט אַוועק ערשט פאַרטאָג.

מיר איז געקומען אויפן געדאַנק, אַז ביים פויער יאַן ביעלינסקי איז פאַראַן אַ טאָפּעלע וואַנט פון שטרוי. בין איך מיט שווערער מי אַרויפגעקראָכן אַהין און זיך פאַרשטעקט צווישןביידע ווענט.

צוויי בייגאַכט האָב איך פלוצים דערהערט טריט. איך האָב דערקענט ביידע פויערן, ביי איינעם אין האַנט — אַ האַק. כ׳בין שנעל אַראָפּגעשפּרונגען און אַנטלאָפן. כ׳האָב זיך דערמאַנט, אַז אַנטלויפנדיק פון אַרעסט, האָב איך געזען אַ גרויסן שייער מיט שטרוי, וואָס געהערט צו אַן אָרעמען פויער. כ׳בין טאַקע אַהין אַוועק, געמאַכט דאָרט אַן עפענונג און זיך טיף פאַרשטעקט. ס׳האָט אָבער

נישט לאַנג געדויערט און ס׳איז אָנגעקומען אַ הונט. ער האָט אָנגעהויבן רייסן דאָס שטרוי...

ווידער האָב איך דערזען דעם טויט פאַר די אויגן. דאָסמאָל — אָן אַן אויס־וועג. דער הונט, נאָכן אָפּבילן אַ שטיקל צייט, איז אַוועק.

אין אָט דער באַהעלטעניש בין איך געלעגן 6 טעג און זיך דערנערט מיטן ברייטל, וואָס כ׳האָב באַקומען פון מיין פויער. כ׳האָב זיך אויסגעטיילט טעגלעכע נאָרמעס, דריי מאָל צו דריי ביס. ס׳האָט זיך זייער געוואָלט טרונקען. אויפן זיבעטן טאָג האָב איך באַשלאָסן צו ריזיקירן און גיין צום ברונעם, אָפּגעזוכט אויפן הויף אַ טעפּל. צום אומגליק איז עס געווען מיט לעכער.

כ׳האָב דאָס טעפל צוגעפּעסטיקט צו דער קייט און אָנגעהויבן שעפּן וואַסער. ליידער, איז עס אַרויפגעקומען ליידיק. קוים כ׳האָב באַוויזן צו באַנעצן די ליפּן מיט עטלעכע טראָפּנס וואַסער.

כ׳האָב זיך ווידער פאַרשטעקט אין שטרוי און דאָרט אָפּגעלעגן צוויי טעג. מיין מויל איז געווען אַזוי פאַרטרוקנט, אַז די ביסנס ברויט וואָס כ׳האָב געגעסן, האָבן מיר געמאַכט ווונדן אין האַרץ. מיינע ליידן זענען אויך געווען צוליב די צוויי אויסגעהאַקטע ציין.

נאָך צוויי טעג אָפּליגן אָן וואַסער, בין איך ווידער געגאַנגען צום ברונעם. דאָסמאָל האָט מיך דער פויער באַמערקט דורכן פענצטער. ער האָט אָנגעהויבן הויך שרייען. כ׳האָב שוין פאַרגעסן אינעם וואַסער און אַנטלאָפן צוריק אין מיין באַהעלטעניש.

## אין אַ היינטישער בודע

מיין לאַגע איז איצט געווען אומדערטרעגלעך. איך בין געווען אַנטשלאָסן צו מעלדן זיך אין דער מיליץ, זאָלן זיי מיך שיסן. כ׳האָב נאָר געהאַט איין מניעה: דורך מיינע צעריסענע קליידער האָט מען אַדורכגעזען מיין קערפּער. כ׳האָב מיך פּשוט געשעמט אַדורכצוגיין די גאַס אין אַזאַ הולך. מיר איז געווען אַ בושה צו ווייזן זיך אין אַזאַ נאַקעטקייט — אַפילו פאַר די מיליציאַנטן. זענען איצט מיינע געדאַנקען געווען געווענדעט אין איין ריכטונג: ווי אַזוי זיך באַזאָרגן מיט אַ קלייד?

איז מיר איינגעפאַלן אַריבערצוגיין צו מיינער אַ געוועזענער שול־חברטע, דאַנושאַ, אַ לערערין, אַ טאָכטער פון אַ רייכן פויער, און זי בעטן צו שענקען מיר אַן אַלט קליידל. זיי זענען געווען אידעלע מענטשן מיט אַ גוטן כאַראַקטער. נאָך זייענדיק אין געטאָ, פלעג איך זיך איינרעדן, אַז ווען כ׳גיי אַריבער צו זיי, וואָלטן אַוודאי די טאָכטער מיט דער מוטער מיך געראַטעוועט. איצט, ווען כ׳האָב שוין פאַרלוירן אַלע האָפענונגען, איז מיר איינגעפאַלן גיין צו זיי וועגן אַ קלייד.

דורך פאַרשידענע וועגן און אומוועגן, בין איך ענדלעך אָנגעקומען צו זייער הויז, וואָס איז געווען פאַרשלאָסן. דער פאַרקן איז געווען פאַרמאַכט פון אַלע זייטן. כ׳האָב זיך אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון, אַז אויב דערוואַרטן הילף — איז עס נאָר פון דער מוטער מיט איר טאָכטער. וועגן פאָטער האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער געהערט אויך צו די באַנדעראָווצעס און איז נישט בעסער פון אַנדערע.

כ׳האָב זיך גוט אַרומגעקוקט און דערזען ווי ביי אַ צעבראָכן פענצטער ליגט אָנגעלייגט שטרוי. האָב איך זיך דאָרט באַהאַלטן. אָבער ווי נאָר כ׳בין אַריינ־געקראָכן אינעם שטרוי, איז באַלד צו אַ הונט און אָנגעהויבן בילן. דערויף איז אַרויס דער פּאָטער. כ׳האָב זיך שנעל אָפּגעטראָגן פון דעם אָרט, נאָר אַרומ־געגאַנגען אַרום דעם הויז. כ׳האָב דערזען אַ בודע פאַרן הונט. נישט לאַנג קלערנדיק, בין איך אַהין אַריינגעקראָכן. מ׳קאָן זיך שוין פאָרשטעלן ווי גרויס און דיק כ׳בין דאַן געווען, אַז כ׳האָב געקאָנט לייכט אַריינקריכן אין אַ הינטישער בודע.

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט, אויך דער הונט איז אָנגעקומען און געוואָלט אַריינגיין אין זיין מקום. כ׳האָב אים נישט געלאָזט. דער הונט האָט מיך אָנגעקוקט, זעט אויס, אַז ר׳האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין וואָס דאָ קומט פאָר. צום ערשטן מאָל אין זיין הינטיש לעבן איז אים אויסגעקומען אַזאַ פאַל, אַז אַ מענטש זאָל אַריין צו אים אין דער בודע, און פאַרכאַפּן זיין אָרט. ער האָט אויף מיר נישט געבילט, נאָר געקוקט מיט בייזע און גלייכצייטיק מיטליידנדיקע אויגן, ווי ער וואָלט געוואָלט זאָגן: „מענטש, מענטש, וואָס איז פון דיר געוואָרן? ווי נידעריק ביסטו שוין געזונקען, אַז פאַרנעמסט אַ בודע פון אַ הונט?!...

ענדלעך איז דער הונט אַוועק.

אין דער בודע בין איך געלעגן אין נעץ און קעלט. כ׳האָב געוואַרט, אַז די טאָכטער זאָל דורכגיין. באַלד איז אַרויס די פּויערטע. כ׳האָב זי אָנגעהויבן רופן. מ׳קאָן זיך פאָרשטעלן וואָס פאַר אַן איינדרוק ס׳האָט אויף איר געמאַכט אַ מענטשלעך קול פון אַ הינטישער בודע. אַז זי איז צוגעקומען נעענטער, האָב איך איר געזאָגט ווער איך בין. ס׳האָט לאַנג געדויערט ביז כ׳האָב זי באַרואיקט און איר דערציילט, אַז אין אָנבליק פון טויט האָב איך נישט פאַרראַטן יענע פּויערים, וועלכע האָבן מיר געגעבן הילף. דאָס איז איר געפעלן. זי האָט מיר דערלויבט צו בלייבן, געבראַכט עטלעכע פּיראָגעס, אַ טעפּעלע מילך, געריבענע קאַרטאָפל און וואַסער. אָבער נאָכמער ווי דאָס ביסל עסן, זענען פאַר מיר געווען אַ טרייסט אירע ווערטער, אַז אין צוויי וואָכן אַרום וועט קומען אַן ענדערונג צום גוטן.

ווי נאָר זי איז אַוועק, האָב איך געטראַכט, אַז ס׳איז נאַריש פון מיין זייט אַפילו צו חלומען וועגן בלייבן לעבן. איז דען מעגלעך אַז דער פּויער זאָל מיך נישט דערזען? ביי זיי איז אויך געווען אַ זון פון 17 יאָר. אויך ער האָט מיך נישט געטאָרט זען. אָבער נאָך וואָס זאָרגן וועגן שפּעטער, אַז איצט ליג איך אין דער בודע איינגעקאָרטשעט אין דרייען, די פיס פאַרשטאַרט און פאַרפרוירן, דאָס פּנים פאַרבלוטיקט, דער קערפּער — שמוציק און פאַרלייזיקט...

דעם טאָג איז די פּויערטע מער נישט געקומען. כ׳האָב געמיינט, אַז זי האָט חרטה. אָבער, צומאָרגנס האָט זי דערציילט, אַז זי האָט געהאַט געסט און דעריבער נישט געקאָנט זיך פאַר מיר ווייזן. זי האָט מיר געבראַכט הייסע זופּ, מיט טייגלעך און קאַרטאָפל. דאָס עסן האָט זי געטראָגן אָפן, ווייל ס׳איז דאָך קיינעמען אַנדערש נישט איינגעפאַלן, אַז זי טראָגט עסן דעם הונט. מיטן הייסן טעפּל האָב איך מיר געוואַרעמט די פיס. פאַרנאַכט האָט זי מיר געבראַכט ברויט מיט זופּ.

נאָך צוויי וואָכן אָפּזיין אין דער בודע, האָב איך דעם הונט אָפּגעוווינט — און ער איז שוין מער נישט געקומען.

אומגלויבלעך, אָבער טראָץ אַלע יסורים, האָב איך נאָך צוויי וואָכן ליגן אין דער בודע, געפילט, אַז איך ווער דיק. כ׳האָב דאָך דריי מאָל אין טאָג באַקומען עסן!

פון מיין אויפהאַלט ביי דער פאַמיליע, האָבן נאָר געוווּסט די מוטער מיט דער טאָכטער. די טאָכטער איז ביי מיר געווען איינמאָל, ווען די מוטער איז געהאַט אַוועקגעפאָרן. זי האָט מיר דערקלערט, אַז אויב איר פאָטער מיטן ברודער וועלן נישט דערוויסן זיך וועגן מיר — וועל איך איבערלעבן די שלעכטע צייט.

## ווידער אין אַ קאַרטאָפל־קעלער און אויפן בוידעם

נאָכן אָפּזיצן פיר וואָכן אין דער בודע, האָב איך מיט פיל טרערן געפּועלט ביי דער מוטער זי זאָל מיר דערלויבן אַריבערקלויבן זיך אין זייער קאַרטאָפל־קעלער. צו דעם צוועק האָט זי אויף ביינאַכט אַריינגענומען צו זיך דעם הונט און איך בין אויף אַלע פיר ענדלעך אַרויס פון דער בודע. כ׳האָב אָבער נישט געקענט זיך שטעלן אויף די פיס. דעריבער בין איך קריכנדיק אַריין אין קעלער און זיך דאָרט אַוועקגעלייגט. כ׳האָב דערפילט אַז איצט וועל איך זיך אויסציען און אויסגלייכן די איינגעקורטשעטע גלידער. אַזוי ווי נאָך קאַרטאָפל אין קעלער פלעגט גיין נאָר די מוטער, בין איך מיר דאָרט פריי געזעסן.

צומאָרגנס אינדערפרי איז געקומען די פּויערטע און דערקלערט, אַז ס׳איז נאָך נישט אינגאַנצן אַזוי פויגלדיק, ווייל צופעליק קאָן איר מאַן, אָדער דער פלימעניק, אָנקומען — און דאַן וועט זיין ביטער. זי האַלט, אַז כ׳מוז זיך אויך דאָ איינגראָבן מ׳זאָל מיך נישט באַמערקן.

אינעם קעלער זענען געלעגן קאָנאָפּליעס. האָב איך זיך אין זיי איינגעגראָבן. שווער איז נאָר געווען מיט די פיזישע באַדערפענישן, ווייל דער קעלער איז געווען פול מיט קאַרטאָפל. אין דער בודע האָב איך אַלץ געטאָן הינטער זיך און דערנאָך עס אַרויסגעוואָרפן מיט שטרוי. וואָס טוט מען איצט? האָט די איידעלע קריסטין מיר געבראַכט אַ ספּעציעלע כלי און אין משך פון צוויי וואָכן מיך באַדינט ווי אַ טרייע קראַנקן־שוועסטער...

אין קעלער איז געווען וואַרעם. מיינע פיס האָבן אויפגעטייעט פונעם פראָסט און אָנגעהויבן ווי טאָן. כ׳האָב געפילט שרעקלעכע ווייטאָקן. וועגן גיין אָדער שטיין איז נישט געווען אפילו צו טראַכטן. אויך קעגן דעם האָט מיין איידעלע קריסטין געפונען אַן עצה: זי האָט מיר געבראַכט צוויי שטיקלעך פוטער און גוט אויסגעשמירט די פיס. האָבן זיי זיך טאַקע אויסגעהיילט. נאָך אַ צוויי־וואָכעדיקער קוראַציע, האָב איך שוין געקאָנט גיין אויף מיינע אייגענע פיס.

אויך אין קעלער האָבן די לייז נישט געלאָזט רוען, כ׳האָב נישט געקאָנט איינשלאָפן. האָט מיר די קריסטין געבראַכט געטרוקנטע פּרוכט, כדי כ׳זאָל זיך קרעפּטיקן.

דעם 25.2.1944 האָב איך ביינאַכט געהערט שרעקלעכע קולות. צומאָרגנס האָט מיר די באַלעבאָסטע דערציילט, אַז דאָס האָבן די אוקראַאינער געמאַכט אַ

פּאָגראָם אויף זייערע שכנים, די פּאָליאַקן. מ׳האָט מיט העק און מעסערס דער־שטאָכן 60 פּאָליאַקן, אַלע מענער. איר ברודער איז אַ פּאָליאַק. ער איז ביינאַכט אַנטלאָפן. ווען די באַנדעראָווצעס זיכער קומען אַהער אים זוכן. (איר מאַן איז געווען אַן אוקראַינער, זי אַליין — אַ פּוילישע).

מיר האָבן זיך אָפּגעשמועסט, אַז איך גיי צוריק אין דער בודע. מיט מיינע שוואַכע פיס האָבן איך זיך געלאָזט גיין אַהין. אין דרויסן איז געווען זייער קאַלט. דעם זעלבן טאָג איז געפאַלן אַ גרויסער שניי, וואָס האָט צוגעדעקט מיין בודע. ס׳האָט קיינעמען נישט געקאָנט איינפאַלן אַז דאָ, אונטערן שניי, אין דער היגטי־שער בודע, געפינט זיך אַ לעבעדיקער מענטש! די אוקראַינישע באַנדיטן האָבן איבערגעדרייט דעם גאַנצן הויף, געזוכט און געגנישטערט — אָבער צו מיין באַהעל־טעניש איז קיינער נישט געקומען. עסן האָב איך באַקומען נאָר איינמאָל אין טאָג, ווען ס׳איז שוין געווען גוט פינצטער.

אין שטעטל איז געווען טומלדיק. די אוקראַינישע באַנדעס האָבן געזוכט די באַהאַלטענע פּאָליאַקן, וועלכע זיי האָבן געמאָרדעט און באַרויבט אָן רחמנות. די געשרייען פון די אַנטדעקטע פּאָליאַקן זענען געווען שוידערלעכע.

איך, ליגנדיק אין דער בודע, און הערנדיק די געשרייען פון די פּאָליאַקן — האָב דערלעבט אַ נקמה. האָבן דאָך די פּאָליאַקן געהאַט אויף זייער געוויסן נישט איין ייִדיש לעבן, און זיי האָבן אונדז, ווי די אוקראַינער, געמאָרדעט אָן רחמנות! זאָלן זיי פילן אונדזער טעם! פון דער צווייטער זייט האָב איך אויך פאַרשטאַנען, אַז נישט איין ייד האָט נאָך געמוזט זיין באַהאַלטן ביי אַ פּאָליאַק און דעריבער איז אויך אויף אים געקומען דער שרעקלעכער סוף. כ׳האָב ווידער אָנגעהויבן טראַכטן וועגן מיין אייגענעם גורל.

דעם 10־טן מערץ 1944, האָט דער אוקראַינער וואָס פלעגט מיר געבן עסן, דערציילט דעם שכן פונעם פויער, ווו כ׳האָב זיך איצט אויפגעהאַלטן, אַז ער גלויבט דאָס איך לעב נאָך. די שכנטע, יאַנקאַ קאַרדאַש, וועמען דער אוקראַינער האָט דאָס געזאָגט, איז געווען די כלה פון אַ מיליציאַנט, וועלכער האָט מיר מיט אַ פלאַש אויסגעהאַקט צוויי ציין. די דאָזיקע יאַנקאַ, אויס מורא כ׳זאָל זיך אַמאָל נישט נוקם זיין אין איר חתן, האָט דעריבער געוואָלט מיך אָפּזוכן און דערהרגענען. זי איז אַריין אין הויף פון מיין פויערטע און אָנגעהויבן זוכן. צום גליק איז אָנגעקומען די אייגנטימעריך און זי געפרעגט, וואָס זי טוט דאָ אויפן הויף? לכתחילה האָט זי געזאָגט, אַז זי זוכט אירס אַ הון, וואָס איז פאַרלוירן געגאַנגען. אָבער ווען זיי האָבן זיך צעשמועסט, האָט זי איר דערציילט, אַז אַ געוויסער שמואל־לייב קאַרפּ ליגט באַהאַלטן ביים אָרטיקן גלח און די אוקראַינער האָבן אים אַ גאַנצע נאַכט געזוכט. „מען שמועסט — האָט זי צוגעגעבן, — אַז רבקה האָדער (דאָס האָט זי געמיינט מיך) ליגט דאָ באַהאַלטן. נאָר אַזוי ווי דו צאָלסט די באַנדעראָווצעס גרויסע קאָנטיגענטן, האָבן זיי נישט אַזוי שטאַרק געוואָלט זוכן ביי דיר, בעת זיי זענען דאָ געווען...״.

ווען זי איז שפּעטער געקומען צו מיר און דאָס דערציילט, האָב איך איר נאָכאַמאָל פאַרזיכערט, אַז אויב מען וועט מיך כאַפּן, וועל איך טענהן, אַז זי ווייסט פון גאָרנישט. זי האָט זיך אַביסל באַרואיקט.

ווען די פּויערטע האָט מיר צומאָרגנס געברענגט עסן, האָב איך איר דער־קלערט, אַז כ׳קאָן דאָ מער נישט פאַרבלייבן, ווייל דער שניי טייעט און פון דעכל גיסט זיך אויף מיר. כ׳האָב איר געבעטן, אַז זי זאָל מיך באַהאַלטן אויף אַן אַנדער אָרט.

די זעלבע נאָכט בין איך שוין געווען אויפן בוידעם, אין שטרוי. בעתן איבער־גיין אויפן בוידעם, איז די טאָכטער געשטאַנען אויף דער וואַך, אַז קיינער זאָל מיך נישט באַמערקן. אַ גאַנצע נאַכט בין איך געווען אין אַ גליקלעכער לאַגע צוליב דעם נייעם, באַקוועמען „סכראַן״. אויף איינצואָרדענען באַהעלטענישן אין שטרוי, בין איך שוין געווען אַ ספּעציאַליסטין.

פאַרטאָג איז מיין פויער אַרויס אויפן הויף און אָנגעהויבן מאַכן אָרדענונג. ער האָט צענומען די גאַנצע בודע. זעענדיק די באַשיינפּערלעכע ניסים וואָס גאָט טוט מיט מיר, האָב איך אָנגעהויבן גלויבן, אַז אויך אויף ווייטער וועט מיך גאָט נישט פאַרלאָזן. כ׳האָב דעם טאָג געפאַסט און געגעבן אַ נדר צו פאַסטן יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק, אַזוי לאַנג ווי כ׳וועל בלייבן אין דער באַהעלטעניש. וועגן מיין באַשלוס צו פאַסטן האָב איך איבערגעגעבן דער פּויערטע און איר געבעטן אַז צוליב מאָל אין וואָך (מאָנטיק און דאָנערשטיק) זאָל זי נישט ברענגען קיין עסן. מיין נדר האָב איך פּינקטלעך אויסגעפירט.

די פּויערטע פלעגט מיר ברענגען דאָס עסן אין דער שאָפע און איך פלעג עס אַרויפנעמען אויפן בוידעם.

אין דער דאָזיקער צייט האָבן די אוקראַינער פאַרברענט 70 פּוילישע הייזער. מ׳קאָן זיך פאָרשטעלן מיין לאַגע, ווען אין דער סאַמע געדיכטער פינצטערניש אַרום מיר, ווערט פלוצים ליכטיק. די דאָזיקע נאַכט בין איך אָפּגעקומען מיט בלויזער שרעק.

צומאָרגנס האָט מיר די פּויערטע געזאָגט, אַז זי האָט מורא מ׳זאָל אַמאָל נישט פאַרברענען איר ברודערס הויז. אַזוי ווי איר אייגן הויז געפינט זיך לעבן איר ברודערס, האָט זי מורא, אַז אויך איר ווירטשאַפט וועט אַוועק מיטן פייער און דאַן קאָן מען מיך כאַפּן. די אוקראַינער וועלן דאַן אין איר נעמען נקמה. כ׳האָב איר פאַרזיכערט, אַז אין אַזאַ פאַל וועל איך נישט אַנטלויפן, נאָר ליבערשט פאַרברענט ווערן. וואָס דען האָב איך געקאָנט זאָגן אין מיין לאַגע? און זי האָט מיר געגלויבט.

מיין פּויערטע האָט געהאַט אַ טאָכטער און אידעם — אַ פּאָליאַק. בעת די אַנטי־פּוילישע אומרוען, איז ער קוים אַנטלאָפן. מיט דער צייט האָט אויך ער זיך דערוווסט וועגן מיין אויפהאַלט ביי זיין שוויגער. די טאָכטער, וועמענס מאַן איז איצט געווען אין אַ לעבנס־געפאַר, האָט שוין פאַרשטאַנען מיין לאַגע און די לאַגע פון אַלע גערודפטע יידן. אויך איר מאַן האָט זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן. האָט זיך אויף מיר באַקומען רחמנות. אין די טעג פון דער קריסטלעכער פּאַסכע האָט זי מיר געבראַכט אַ גוטן פרישטיק און דערביי אויך דערציילט, אַז די לאַגע אויף די פראָנטן איז פאַר אונדז אַ גינסטיקע. אויך זי האָט געהאָפט, אַז די רוסן זאָלן קומען און דאַן וועט איר מאַן זיך אומקערן צום נאָרמאַלן לעבן. צווישן אַנדערע האָט זי מיר איבערגעגעבן, אַז די רוסן האָבן שוין באַפרייט פיר דערפער פון טאַרנאָפּאָלער געגנט.

ס׳איז איבעריק צוצוגעבן, אַז די אַלע נייעסן האָבן אין מיר אַריינגעזעצט אַ נייע נשמה. שפּעטער האָב איך פון הויף געהערט, ווי דער משרת פונעם אָרטיקן גלח דערציילט מיין פּויערטע, אַז די רוסן האָבן איצט געגעבן אַ „קאָנצערט״ פון טאַרנאָפּאָל. יענעם טאָג האָט די זון אַזוי העל געשיינט איבער מיין בוידעם... אַכט טעג האָב איך אומאויפהערלעך אַרויסגעקוקט דורך די בוידעם־שפּאַרעס און גע־וואַרט אויפן אָנקום פון די באַפרייער. אויפן ניינטן טאָג איז די פּויערטע געקומען און מיט אַ טרויעריק פּנים געזאָגט, אַז די קאַמפן ביי טאַרנאָפּאָל דויערן נאָך און ווער ווייסט ווי לאַנג זיי וועלן זיך ציען. זי האָט מיר געעצהט כ׳זאָל זיך אַליין מטריח זיין קיין טאַרנאָפּאָל. די דאָזיקע עצה איז נישט געווען פאַר מיר אָננעמבאַר. „אָפּגעבוידעמט״ אַזוי לאַנג — זאָל איך איצט, ווען כ׳קאָן זיך קוים האַלטן אויף מיינע פיס, אַדורכמאַכן 100 קילאָמעטער קיין טאַרנאָפּאָל און דערצו זיך דורכרייסן דורך דער פראָנט־ליניע.

כ׳האָב זיך שטאַרק צעוויינט און איר געבעטן רחמנות־האָבן. כ׳בין ווייטער געבליבן אויף דעם בוידעם. ווידער זענען מיך באַפאַלן ספקות, צי כ׳וועל דאָס אַלץ איבערלעבן.

צוריק צו שניידעריי

באַלד דערנאָך איז זי געקומען און מיר דערציילט אַז זי האָט נישט קיין מענטשן צו דער אַרבעט אויף אירע פעלדער, ווייל מ׳וויל נישט נעמען דאָס געלט, וואָס האָט פאַרלוירן די ווערט. „מעגלעך — האָט זי צוגעגעבן — אַז זיי וועלן גרייט זיין צו אַרבעטן פאַר אָפּנייען״. האָב איך געענטפערט, אַז כ׳בין גרייט פאַר די אַרבעטער צו נייען וועש און אָנטאָן. אַזוי ווי איר מאַן איז אַ שניידער, וועט דאָס הייסן, אַז ער גופא האָט עס גענייט. באַלד האָט זי געבראַכט אויפן בוידעם שטאָף, אַ נאָדל און פאָדעם, אַ ברעטל. אַן איבערגליקלעכע בין איך געזעסן איינ־געגראָבן אינעם שטרוי און ביים שוואַכן שיין פון די בוידעם־לעכער — פליייסיק געאַרבעט. מיך האָט דאַן באַהערשט אַ געפיל, אַז ענדלעך קאָן איך איר אָפּדינען פאַרן עסן און באַהעלטעניש.

ענדע אַפּריל 1944 האָבן דייטשישע סאָלדאַטן אָנגעהויבן מאַרשירן צום פראָנט. איין פּולק האָט זיך אָפּגעשטעלט אין אונזער דאָרף. די סאָלדאַטן זענען איינגע־קוואַרטירט געוואָרן אין די פּויערישע כאַטעס. ביי מיינע באַלעבאַטים אין הויז האָבן איצט געוווינט — אַ לייטענאַנט מיט צוויי אָרדינאַנסן. כ׳פלעג זיי גאַנצע טעג אָבסערווירן פון בוידעם. אַ פּחד פלעגט מיך אַדורכנעמען, זעענדיק זייערע פּנימער און מונדירן!

די דייטשן האָבן אין דער געגנט אַדורכגעפירט אָבלאַוועס און די געכאַפּטע געשיקט אויף אַרבעט. האָבן די פּויערים זיך אויסבאַהאַלטן. דערפון איז אויך מיר געוואָרן „היימלעך״, ווייל מיין פּויערטעס איייניקל מיט נאָך איינעם, האָבן זיך געמאַכט אַ באַהעלטעניש אויפן בוידעם. זיי האָבן דערביי אַראָפּגענומען פון מיר עטלעכע בינטן שטרוי. צום גליק, איז נאָך איין בינט שטרוי יאָ געבליבן איבער מיר — און דאָס האָט מיך געראַטעוועט. זיי זענען אָבער לאַנג נישט געבליבן און שנעל אַראָפּ פון בוידעם. איך בין דערווייל אָפּגעקומען מיט שרעק.

נאָכן אָפּזיין אַ חודש צייט אין שטעטל, האָבן די דייטשן אונדז פאַרלאָזט. ווידער האָט זיך ביי מיר דערוועקט אַ האָפענונג.

אפילו ווען די דייטשן זענען געווען איינגעקוואַרטירט, האָב איך ווייטער גענייט פאַר די אַרבעטער.

דעם 14־טן יוני 1944, ווען די באַנדעראָווצעס האָבן געפּילט, אַז די רוסן קומען אָן, האָבן זיי אונטערגעצונדן די לעצטע כאַטע פונעם אָרטיקן פּאָליאַק. דאָס איז געווען דאָס הויז פונעם ברודער פון מיין באַלעבאָסטע. אויב מיר איז אַ גאַנצן ווינטער געווען קאַלט — איז מיר איצט געוואָרן צו הייס. דאָס אונטערגעצונדענע הויז איז געשטאַנען נאָענט פון הויז פון מיין באַלעבאָסטע.

איידער כ׳האָב באַוויזן זיך אומצוקוקן, איז שוין דער הויף געווען פול מיט מענטשן, וועלכע האָבן זיך גענומען לעשן די שריפה. זיי זענען אפילו אַרויפ־געקראָכן אויפן דאַך פון שטרוי און דאָרט געגאָסן וואַסער. די געפאַר איז געוואַקסן פון מינוט צו מינוט. כ׳בין אַראָפּגעשפּרונגען פון בוידעם. אַרויסגיין אין מיין הולך האָב איך נישט געקאָנט, ווייל אַלע וואָלטן מיך זיכער אַנטדעקט. אין דער לעצטער מינוט איז מיין פּויערטע געקומען צו הילף. זי האָט מיר געבראַכט אַ לייוונטענע דעקע אין וועלכער כ׳האָב זיך איינגעהילט און אומבאַמערקטערהייט אריבערגע־שלייכט אינעם דערבייאיקן גאָרטן, ווו כ׳האָב זיך פאַרשטעקט צווישן די קוסטעס — און דאָרט אָפּגעלעגן פון 12 אַזייגער ביינאַכט ביז 12 באַטאָג.

ענדלעך איז די פּויערטע געקומען און געזאָגט, אַז כ׳קאָן שוין צוריקגיין אויף מיין פריערדיק אָרט. זי האָט דערביי אַכטונג געגעבן, אַז קיינער זאָל מיך נישט באַמערקן.

מיט עסן איז געוואָרן שלעכט. די פּויערטע האָט מיר איצט געבראַכט נאָר איינ־מאָל אין טאָג עטלעכע שטיקלעך ברויט.

### די באַפרייאונג דערנענטערט זיך

דעם 5־טן יולי 1944, האָבן די דייטשן, בעתן ריקצוג, געראטן מיינע באַלע־באַטים זיי זאָלן זיך אָפּטראָגן פון שטעטל, ווייל די רוסן וועלן איצט אַריינקומען. לויט זייער מיינונג, וועלן פאָרקומען העפטיקע קאַמפן, פון וועלכע די באַפעלקערונג וועט שטאַרק ליידן.

דעם 8־טן יולי האָבן די סאָוויעטן אָנגעהויבן צו באָמבאַרדירן אונדזער שטעטל. די פּויערטע מיט אירע קינדער זענען אַוועק אין וואַלד. געבליבן איז נאָר דער פּויער, וועלכער האָט נישט געוואָלט איבערלאָזן זיין ווירטשאַפט אויף הפקר.

פאַרן אַוועקגיין האָט די פּויערטע מיר צוגעזאָגט איבערצולאָזן מער עסן. זי האָט מיך געוואָרנט צו זיין פאָרזיכטיק און זיך נישט ווייזן פאַר איר מאַן. נאָר אַזוי ווי די באָמבאַרדירונג איז געקומען אומגעריכט — איז זי אַוועק און מיר נישט געבראַכט קיין עסן. נאָר פון גרויס שמחה, אַז די ישועה דערנענטערט זיך, האָב איך וועגן עסן בכלל פאַרגעסן.

גרויס שרעק האָב איך געהאַט פאַרן פּויער, וועלכער פלעגט אַרומגיין און ראַבעווען אין דער געגנט. דאָס אָנגערויבטע פאַרמעגן האָט ער אַהיימגעבראַכט און פאַרשטעקט אויפן בוידעם. האָב איך שטענדיק געציטערט, ער זאָל נישט

צופעליק אָנטרעפן אויף מיין באַהעלטעניש. עטלעכע מאָל, ווען כ׳האָב געפילט די נאָענטע געפאַר, בין איך אַראָפּגעשפּרונגען פון בוידעם, אַריין אין גאָרטן און זיך באַהאַלטן צווישן די קוסטעס.

ליגנדיק אַזוי צווישן די קוסטעס, האָט זיך דעם פויער פּאַרגלוסט רייסן מאַלי־נעס. ער איז נאָענט צוגעקומען צום אָרט ווו כ׳בין געלעגן. אין דער לעצטער מינוט האָב איך זיך אַרויסגעשלייכט פון דאָרט און אַרויף אויפן בוידעם. זעט אויס, אַז עפּעס האָט ער יאָ באַמערקט, ווייל באַלד איז ער אַרויפגעקומען און אָנגעהויבן זוכן. צום גליק האָט ער גאָרנישט געפונען.

דעם 13־ט יולי האָט די באָמבאַרדירונג דערגרייכט איר העכסטן פּונקט. די סאָוויעטן האָבן מיט רעפלעקטאָרן באַלויכטן יעדעס ווינקעלע — און ווי זיי האָבן באַמערקט דייטשן, האָבן זיי אַראָפּגעוואָרפן צענדליקער באָמבעס. זעט אויס, אַז דער ציל פון אַזאַ געדיכטער באָמבאַרדירונג איז געווען אוממעגלעך צו מאַכן דעם ריקצוג פון די איבערגעבליבענע דייטשן. פיל פון זיי זענען געהרגעט געוואָרן.

מורא האָבנדיק, אַז אַ באָמבע וועט נאָך טרעפן אין מיין באַהעלטעניש, בין איך פון דאָרט אַוועק און אַריין אין אַ קעלער, ווו כ׳בין געלעגן אַ גאַנצע נאַכט. פאַרטאָג האָב איך פונעם קעלער דערהערט די רוסישע שפּראַך. מיט גרויס ענטוזיאַזם בין איך אַרויס פון דער באַהעלטעניש און זיך פאַרזיכטיק אַרומגעקוקט. כ׳האָב באַמערקט, ווי די רוסישע סאָלדאַטן זענען געווען באַוואָקסן, כמעט נישט ענלעך צו מענטשן. א סברא, אַז דאָס זענען די ערשטע פראָנט־קעמפער. כ׳האָב פאַר זיי מורא געהאַט — און נישט געוואַגט צוצוגיין.

די פויערטע איז צוריקגעקומען און מיר געברענגט עסן. ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן, בין איך צוריק אַרויף אויפן בוידעם און דאָרט איבערגעשלאָפן. אינ־דערפרי איז די פויערטע ווידער געקומען און דערציילט, אַז די רוסן האָבן ביי איר צוגענומען דאָס פערד. כ׳האָב איר פאָרגעשלאָגן, אַז איך זאָל גיין צו די רוסן און זיי בעטן דאָס פערד אָפּגעבן מיין רעטעריןְ, וועלכע האָט אויסבאַהאַלטן אַ יידיש קינד. האָט זי מיר נישט דערלויבט, ווייל זי האָט מורא געהאַט פאַר איר אייגענעם מאַן און אויך פאַר די באַנדעראָווצעס, וועלכע קאָנען אין איר נקמה־נעמען.

דריי טעג בין איך נאָך דאָ געלעגן. דאָס רוסישע מיליטער האָט געהאַלטן אין איין מאַרשירן. אויפן דריטן טאָג, 12 ביינאַכט, איז די פויערטע געקומען און מיר פאַרגעלייגט כ׳זאָל זיך אָנשליסן אין רוסישן מיליטער אין פאַל פון אַ ריקצוג — זיך עוואַקואירן מיט זיי. כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז זי ראָט מיר נישט שלעכט. דערביי האָט זי מיר דערמעגלעכט, דאָס ערשטע מאָל זינט 16 חדשים, זיך ארומצווואַשן.

דער פאַקט אַליין וואָס כ׳האָב ענדלעך זיך געקאָנט אַרומוואַשן, האָט מיך געמאַכט איבערגליקלעך. ענדלעך האָב איך דערלעבט די מינוט, אַז כ׳זאָל זיך אַביסל אָפּרייניקן פונעם שמוץ, וועלכער האָט געפרעסן מיין קערפּער.

כ׳האָב מיך האַרציק געזעגנט מיט מיין רעטערין און דערביי אַ סך טרערן פאַרגאָסן. כ׳האָב לאַנג געקושט די הענט פון דער פויערטע און איר צוגעזאָגט, אַז כ׳וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן וואָס זי האָט פאַר מיר געטאָן.

## מיין נקמה

ווי נאָר כ׳האָב אָנגעהויבן גיין, איז מיך באַפאַלן אַ שרעק. כ׳האָב מיך שוין געהאַט אָפּגעוווינט פון גיין פריי. יעדער שאָרך, יעדעס ווינטעלע — האָבן מיך געשראָקן. אייגנטלעך האָב איך נישט געוווסט וווּ צו גיין.

ענדלעך האָב איך דערזען צוויי רוסן. כ׳האָב אָנגעהויבן לויפן אין זייער ריכטונג און שרייען: „יאַ, יעווריעיקאַ! יאַ, יעווריעיקאַ!" („איך בין אַ יידישקע, איך בין אַ יידישקע"). אין דער ערשטער מינוט האָבן זיי זיך דערשראָקן. זיי האָבן זיך אָבער באַלד באַרואיקט און דערשטוינטע געקוקט אויף מיר, נישט פאַר־שטייענדיק וואָס אייגנטלעך כ׳וויל פון זיי. באַלד זענען אָנגעקומען נאָך רוסן. זיי האָבן מיך באַרואיקט און דערקלערט, אַז זיי מוזן ווייטער גיין און קאָנען מיר דערווייל מיט גאָרנישט העלפן.

כ׳בין אָבער פון זיי נישט אָפּגעטראָטן און דערקלערט, אַז אַזוי ווי דאָ געפינט זיך נישט קיין איין איינציקער ייד, איז מיין לעבן באַדראָט. כ׳האָב פון זיי פאַר־לאַנגט זיי זאָלן מיך מיטנעמען. דערווייל איז אָנגעפאָרן אַ וואָגן. זיי האָבן מיך געהייסן אויפזיצן און דערקלערט, אַז זיי פאָרן קיין כאָדאָראָוו. זעט אויס, אַז מיין מעסטל צרות איז נאָך נישט געווען פול. אָפּפאָרנדיק אַ 2 קילאָמעטער, זענען מיר געבליבן שטיין ביי אַן אומבאַוווינט הויז און אַכט רוסן, אַלע אָפיצירן, זענען אַריין אין הויז און אויך מיך געהייסן מיטגיין. ווי נאָר כ׳האָב איבערגעטראָטן די שוועל, האָבן זיי מיך אָנגעהויבן צו טשעפּען. כ׳האָב זיך צעוויינט און גע־בעטן זיי זאָלן מיך לאָזן פריי. ס׳האָט לאַנג געדויערט ווי כ׳האָב זיך מיט זיי געאַמפּערט. ענדלעך איז געקומען דער באַפעל ווייטער צו פאָרן — און גאָט האָט מיך אויך פון זיי געראַטעוועט.

נישט האָבנדיק וווּ צו גיין, האָב איך באַשלאָסן צוריקצוגיין אויפן בוידעם, און דורך פאַרשידענע וועגן און אומוועגן, אַז מ׳זאָל מיך נישט טרעפן, קוים צוריקגעקומען אויף מיינע קראַנקע פיס, זיך אַרויפגעדראַפּעט אויפן בוידעם און אַ האַלב־טויטע אַנידערגעפאַלן אויף מיין פריערדיק געלעגער.

מ׳קאָן זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַראַ אויגן מיין פויערטע האָט אויף מיר אויס־געשטעלט, ווען זי האָט מיך, אויפן צווייטן טאָג, דערזען. כ׳האָב פאַר איר צוגע־טראַכט אַ מעשה, אַז דער רוסישער קאַפּיטאַן האָט מיך געהייסן צוריקגיין אויפן פריערדיקן אָרט און דאָרט פאַרבלייבן אַ געוויסע צייט. כ׳האָב זי געבעטן, זי זאָל מיך נישט טרייבן פון זיך. בלית־ברירה איז די פויערטע דערויף איינגעגאַנגען.

כ׳בין געווען אויפריכטיק איבערצייגט, אַז אין דער גאַנצער געגנט געפינט זיך נישט קיין איין ייד, אויסער מיר. כ׳האָב זיך אָנגעהויבן זאָרגן: וואָס טאָן און צו וועמען גיין?

5 טעג בין איך דאָ געווען. זעענדיק, אַז ס׳נעמט נישט קיין סוף, האָב איך באַשלאָסן צו גיין קיין ראָהאַטין.

דעם 22־טן יולי 1944 אָרום 12 ביינאַכט, האָב איך זיך געלאָזט אין וועג אַריין. קיין ראָהאַטין איז געווען צו גיין ביי אַ 10 קילאָמעטער. גאָר שנעל האָב איך זיך איבערצייגט, אַז אויף מיינע שוואַכע פיס וועל איך אָט די שטרעקע

נישט אַדורכמאַכן. כ׳האָב דערהערט, אַז עס דערנענטערט זיך אַ מאַשין, כ׳בין אַרויסגעלאָפן אויפן שאָסיי און אויפגעהויבן די הענט. אין דער מאַשין זענען געזעסן עטלעכע רוסן, וועמען כ׳האָב דערציילט, אַז כ׳בין אַ יידיש קינד און אין דער אָקופּאַציע־צייט זיך אויסבאַהאַלטן. זיי האָבן מיך אָפּגעפירט קיין ראַהאַטין.

דאָ האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אין הויז פון אַ געוויסן אַמראַנט, געפינען זיך עטלעכע יידן. כ׳האָב דאָרט געטראָפן פאָלגנדיקע מענטשן:

יששכר הויזער, מיין חתנס שוואָגער, מיט זיינע צוויי קינדער. זיי האָבן געשטאַמט פון ליפּיצע, נישט ווייט פון בזשעזשאַן. זיי האָבן זיך די גאַנצע צייט אויסבאַהאַלטן אין וואַלד. אין יענעם מאָמענט האָבן זיי געהאַט אַ שרעקלעכן אויסזען — מער ענלעך צו חיות, ווי צו מענטשן.

שרה הויזער מיט אירע דריי קינדער. אויך פון ליפּיצע. אויך זייער אויסזען איז געווען ענלעך צו די הויזערס.

פרוי ליבקאַ האַבער מיט איר זון, פון ראַהאַטין.

פרוי רייזשע סטריער פון ראַהאַטין.

רחל ראַל פון ליפּיצע.

בערנאַרד קעסלער פון ליפּיצע.

משה בלעך מיט זיין 10־יאָריק ייִנגעלע בומעק, פון ראַהאַטין.

לייביש בלעך מיט זיין פרוי צילע פון ראַהאַטין.

שניצער פון ראַהאַטין (דער שוואָגער פון משה קרייזלער).

העשאָ אַלבויער פון ראַהאַטין.

די פאַמיליע שוועלער פון ליפּיצע, וואָס איז באַשטאַנען פון זעקס פּערזאָן.

שמואל אַכט, ד״ר שטערצער און זיין פרוי גרינע מיטן ייִנגעלע מנשה.

צוטשע טענענבוים, ד״ר הודיש און זיין פרוי פון טלומאַטש, פּאַולינאַ מאַרק פון ראַהאַטין און אַנדערע.

פּעפּקע קליינוואַקס, וועלכע האָט שפּעטער אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע און דאָרט געשטאָרבן.

מאַטשע מאַדלינגער, וועלכע איז אומגעקומען אין בערלין אין יאָר 1946, בעת אַן אומגליקס־פּאַל.

די פרוי פון מאיר גאָלד, וועלכע איז שוין נאָך דער באַפרייאונג דערמאָרדעט געוואָרן דורך די באַנדיטן וואָס האָבן געקעמפט מיט דער פּוילישער רעגירונג.

די אַלע האָבן אויסגעזען ווי סקעלעטן. כ׳האָב זיך מיט אַלעמען צעקושט. מיר האָבן זיך איבערדערציילט די גרויזאַמע איבערלעבונגען, וואָס יעדער האָט אַדורכגעמאַכט.

דעם צווייטן טאָג האָט הויזער אויסגעבעטן ביי די רוסן אַ הייסע און פעטע זופּ, פון וועלכער מיר אַלע האָבן זיך פאַרדאָרבן די מאָגנס און באַקומען בויך־ווייען.

אויפן פערטן טאָג זענען אָנגעקומען טשעכישע זעלנער מיט יידישע אָפיצירן, וועלכע האָבן אונדז געבראַכט פון כל־טוב. זיי זענען מיט אונדז געווען עטלעכע טעג. זיי האָבן זיך אַרויסגעוויזן ווי אמתע ברידער.

דערנאָך האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מיין קוזין האָט דעם 25־טן יולי 1944 אַליין זיך איבערגעגעבן דער אוקראַינישער מיליץ. ער האָט נישט געקאָנט איבערטראָגן דעם הונגער. זיי האָבן אים דערשאָסן.

אויך איז מיר באַוווּסט געוואָרן דער גורל פון הירש קאַמערלינג, געבוירן אין יאָר 1913 אין זאָלטשעוו. ער איז געפאַלן אין שלאַכט איבער סטאַלינגראַד אין יאָר 1942; און פון שלמה קאַמערלינג, געבוירן אין יאָר 1924 אין זאָלטשעוו. פאַרענדיקט אַן אָפיצירן־קורס אין דער רויטער אַרמיי. בעת די קאַמפן אויפן פראָנט כאַרקאָוו—קורסק, איז ער שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן און אַ לאַנגע צייט געלעגן אין שפּיטאָל. אין יאַנואַר 1945 האָט ער זיך ווידער מאָבאַליזירט אין דער רויטער אַרמיי. צו יענער צייט האָט זיין ברודער זאב באַקומען פון אים אַ בריוו — אָבער מער קיין ידיעות האָט מען וועגן שלמה קאַמערלינג נישט געהאַט ביזן היינטיקן טאָג.

פון אונדזער שטעטל בין איך איינע געבליבן לעבן. מיין קוזינס אַ ברודער, פּ. ל. פורכסטער, איז אויך געבליבן לעבן, נאָר אין דער ווייטער געפאַנגענשאַפט, אין בודאַפּעשט.

נאָך דריי חדשים אָפּזיין אין שטעטל, קומענדיק צוריק צו די כוחות, איז מיין ערשטער שריט געווען — צו דער נ.ק.וו.ד., כדי נקמה־נעמען פון די אַלע, וועלכע האָבן אויסגעמאָרדעט אונדזערע ברידער און שוועסטער. איך האָב מיט־געאַרבעט אין דער נ.ק.וו.ד. און איבערגעגעבן אין זייערע הענט העכער 50 פּויערים, דערונטער אויך דעם ד״ר מעלניק פון ראָהאַטין, וועלכער האָט מיט־געאַרבעט מיט דער געסטאַפּאָ. ער האָט באַקומען 20 יאָר טורמע. פיל פון די אַרעסטירטע האָט מען דערשאָסן.

דערנאָך בין איך אַוועק קיין לעמבערג. דאָרט האָב איך חתונה־געהאַט מיט יונה ראַק. צוזאַמען זענען מיר אַריבערגעפאָרן קיין קראָקע, דערנאָך ביטאָם, געשמוגלט די גרענעץ קיין דייטשלאַנד, און איצט — אין אַמעריקע.



שוק בקרבת הכנסיה האוקראינית, ביתו של משה בונן והלאה קטע הבית של שמואל קליינוואקס



הבית והחצר של שמעון טייכמן העומד מצד ימין, אשתו שרה׳צ׳י ובתו הצעירה לונקה



תמרון L. O. P. P. ברוהאטין, 16.6.1930



פארק ברוהאטין, 30.9.1935

מימין: בושקו שאַרר, שיקוֹ פאנצר, איזיא ברנשטיין (העומד); יולק שקולניק (קצין); יוֹזף קאַרטין, מוניוֹ קימעל.



נהר גנילאַ־ליפאַ, 1938, והבתים הסמוכים



נהר גנילאַ־ליפאַ. החותרים: ויינגרטן, אַניאַ פישר, מינה מאַנדל, משה מאָט, גולדה פישר ומשה גרנוביטר בשנת 1935.

ד״ר אברהם שטערצער / רמת־גן

# אין געטאָ ראָהאַטין

## דאָס שטעטל ביזן חורבן

אויפן 70־טן קילאָמעטער פון הויפּט־שאָסיי לעמבערג—סטאַניסלאַוואָוו איז געלעגן דאָס פּאָוויאַט־שטעטל ראָהאַטין. דער טייך גנילאַ ליפּאַ האָט עס צעטיילט אויף צווייען. גרומגערינגלט מיט וועלדער, פּרוכטבאַרע פעלדער און פּאַשע-לאַנקעס, האָט עס געקאָנט געבן ברויט צו דער זעט דער ידישער ווי דער נישט־יידישער באַפעלקערונג.

דרום־מזרחדיק פון שטאָט האָט זיך מאַיעסטעטיש געהויבן דער באַרג „טשאַרטאָווא גוראַ״, פול מיט טרעפּ. ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק, גלייך עמעץ וואָלט אים פאַרלוירן אויפן וועג... דער באַרג איז געווען אַן אָפּגעזונדערטער, נישט געבונדן מיט וועלכן ס׳איז באַרג־מאַסיוו.

די יוגנט פון ראָהאַטין איז געוווינט געווען צו מאַכן אויספלוגן צום באַרג, פאַרברענגען דאָרט אַ שיינעם זומער־טאָג און אומקערן זיך אַהיים אויסגערוטע, פריילעכע, אָפּגעברענטע פון דער זון. אויך די שילער מיט זייערע לערער פלעגן זיך דאָרט אָנוועקלאָזן, כדי פאַרברענגען אויפן שויס פון דער נאַטור.

דאָס שטעטל האָט געשמט מיט אירע שיינע יאַרידים וואָס פלעגן פאַרקומען יעדן מיטוואָך. פויערים פון די העכער הונדערט אַרומיקע דערפער פלעגן יענעם טאָג קומען אויפן יאַריד, מיטברענגען זייערע פּראָדוקטן אין שטאָט אַריין, פאַרקויפן זיי — און פאַרן באַקומענעם געלט זיך איינשאַפן אין די קראָמען אַלץ וואָס איז זיי געווען נייטיק, דער עיקר — מאַנופאַקטור, לעדער און אײַזנוואַרג. פאַרשטייט זיך, אַז די אָפּנעמער און פאַרקויפער זענען געווען — יידן.

אויסער דעם סטאַראָסטע־אַמט, פּאָוויאַט־פאַרוואַלטונג, שטייער־אַמט, פּאָסט, פּאָליציי — זענען אין ראָהאַטין נאָך געווען צוויי גימנאַזיעס (אַ פּוילישע, מלוכהשע, און אַן אוקראַאינישע, מיט עפנטלעכע רעכט), ווי אויך אַ שיינע פאָלקס־שול. אין די שולן איז אויסגעוואַקסן אַ הערלעכע יוגנט, אין וועלכער עס האָבן זיך מתקנא געווען די יוגנט פון די אַרומיקע שטעטלעך, ווי: כאָדאָראָוו, פּזשעמישלאַני און בורשטין. די־אָ ישובים האָבן נישט פאַרמאָגט אַזעלכע שולן און אַזאַ יוגנט.

דאָס שטעטל האָט געציילט 9000 איינוווינער, דערפון — 3000 יידן. דער רוב יידן איז געווען פאַרמעגלעך: מיט אייגענע הײַזער, געשעפטן, פעלדער, וועלדער און האָלץ־סקלאַדעס. זייערע אויסגעוואַקסענע קינדער האָבן זיי געשיקט שטודירן קיין לעמבערג, קראָקע, וואַרשע און אפילו — קיין אויסלאַנד.

די יידישע באַפעלקערונג האָט פאַרמאָגט צוויי גרויסע בתי־מדרשים און עטלעכע קלענערע. בראש פון דער רעליגיעזער יידישער קהילה זענען געשטאַנען דער רב און דער דיין. אויסער דעם זענען געווען: דער קהילה־פּרעזעס — אַ געשעצטער שטאָטישער בירגער און די ראַטמענער.

די יידישע באַפעלקערונג האָט געהערט צו פּאַרטייאיש-ציוניסטישע, רעליגיעזע און קולטורעלע אָרגאַניזאַציעס. געווען אויך אַ דראַמאַטישער יוגנט־קרייז, וועלכער האָט געגעבן טעאַטער־פאָרשטעלונגען אין דער יידישער שפּראַך. די הכנסה איז געווען באַשטימט פאַר ציוניסטישע צוועקן.

אין שטעטל האָט עקזיסטירט אַ פּריוואַטע שול צו לערנען די העברעישע שפּראַך. אַ באַדייטנדיקער טייל פון דער יוגנט האָט פליסיק גערעדט עברית.

ביזן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג, האָט ראָהאַטין נישט אויפגעהערט זיך בויען, ווייל אינעם ערשטן וועלט־קריג איז די שטאָט פולשטענדיק פאַרברענט געוואָרן דורכן רוסישן מיליטער.

אין די יאָרן 1937—1938 האָט די יידישע באַפעלקערונג פיל געליטן צוליב די פּרוון זי אַרויסצושטויסן פון האַנדל. ס'זענען געגרינדעט געוואָרן: אַ פּוילישע האַנדלס־געזעלשאַפט, אַ פּויליש האַנדלס־הויז, אַ קאָאָפּעראַטיווער פאַרבאַנד פון דער אוקראַינישער באַפעלקערונג. די יידן האָבן דערמיט געמוזט משלים זיין און געזוכט פּרנסה אין אַנדערע האַנדלס־צווייגן.

## זומער 1939

די ראָהאַטינער איינוווינער האָבן נישט געדענקט אַזאַ שיינעם זומער, ווי דער אין יאָר 1939. די טעג זענען געווען לויטערע, מיט קנאַפּע רעגנס מעסיקע היצן, און אַ גערעגענטיש אויף די פעלדער און סעדער. אויפן מאַרק איז געווען אַ שפע פון פּרוכטן און זיסע ווײַנשלען. אויף די זומער־חדשים זענען דאָס יאָר אָנגעקומען מער געסט ווי יעדעס יאָר — באַקאַנטע און קרובים פון לעמבערג, סטאַניסלאַוואָוו, טאַרנאָפּאָל און אפילו פון קראָקע און וואַרשע איז מען געקומען פאַרברענגען די פעריען אין ראָהאַטין. ס'האָט אויסגעזען גלייך אַלע וואָלטן זיך אָפּגעשמועסט צו פאַרלאָזן די גרויסע שטעט און זוכן רו און אָפּרו אין אונדזער פּראָווינץ־שטעטל. וואָרשיינלעך, זענען זיי אַנטלאָפן פון דער גרויסער שטאָט, ווו אַלץ האָט זיך איבער־גענומען מיט פּאָליטיק צוליב היטלערס פּרעטענסיעס בנוגע דעם „קאָרידאָר" און שטאָט דאַנציק. אויך ביי אונדז איז די רו געווען צעשטערט צוליב די אַלגעמיינע געשעענישן. די צייטונגען האָבן יעדן טאָג געבראַכט שלעכטע נייעס פון צייט צו צייט האָט דער ראַדיאָ איבערגעגעבן וועגן היטלערס מלחמה־דראָונגען, אויב דאַנציק וועט נישט איינגעשלאָסן ווערן אינעם „רייך" אין אויב מ'וועט נישט פאַרריכטן די עוולה וואָס דער ווערסאַלער טראַקטאַט האָט גורם געווען דעם דייטשישן פאָלק. אין אָט די רעדעס זענען געווען באַזונדערע דראָונגען אויפן אַדרעס פון „אינטערנאַציאָנאַלן יידנטום"; אַז די „יידן זענען שולדיק אין אַלעם שלעכטן וואָס געשעט דעם דייטשישן פאָלק".

יעדער פון אונדז האָט גוט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון אָט די דראָונגען און זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון, אַז דאָס זענען נישט קיין סתם רייד. גאָט באַהיט, אַז ס'זאָל דערצו קומען. די אַנעקסיעס פון עסטרייך און טשעכאָסלאָוואַקיי האָבן באַוויזן, אַז היטלערס דראָונגען דאַרף מען נעמען ערנסט.

איז נישט קיין ווונדער, וואָס די באַפעלקערונג איז געווען אומרואיק און נערוועז געשטימט, הגם די רעגירונגס־קאָמוניקאַטן האָבן באַרואיקט. ס'האָט אייסגעזען, אַז זיי גיבן זיך נישט אָפּ קיין רעכענונג פון דער דראָענדיקער געפאַר.

די פוילישע רעגירונג האָט אויסגעשטעלט אויף דער הילף פון ענגלאַנד און פראַנקרייך און, מעגלעך, נישט דערשאַצט די מיליטערישע פּאָטענץ פון היטלער דייטשלאַנד, איבערשאַצנדיק דערביי די אייגענע, קליינע כוחות.

יידן האָבן געהאַלטן אין איין פרעגן: „צו וואָס זיצן מיר דאָ?" „אויף וואָס וואַרטן מיר?" געווען יידן אָפּטימיסטן פון עלטערן דור, וואָס האָבן געקענט די דייטשן פון די צייטן פון קייסער ווילהעלם, זייער קולטור און מאַקט. האָבן זיי דעריבער נישט געגלדיבט, אַז די זעלבע דייטשן זאָלן זיין פעיק צו מאָרדן און פאַרטרייבן יידן.

די וועגן זענען שוין דאַן געווען געשלאָסן. עס איז נישט פאַרבליבן ווו צו אַנטלויפן. נאָר די רייכערע, וועלכע האָבן פאַרמאָגט אויסלענדישע פּאַספּאָרטן, האָבן געקאָנט פאָרן קיין אויסלאַנד. איבעריקנס, האָט קיין איין מלוכה נישט געוואָלט צונעמען אויסלענדישע בירגער, דערצו נאָך — יידן.

ביי דער פויליש־דייטשער גרענעץ זענען שוין אַנטשטאַנען די ערשטע לאַגערן פאַר די יידן, צרויסגעטריבענע פון היטלער־דייטשלאַנד, וועלכע זענען נישט קיין דייטשישע בירגער. דאָס זענען געווען פריערדיקע פוילישע בירגער. די פּאָלאַקן, דאַקעגן, האָבן זיי נישט אָנערקענט אַלס אַזעלכע, ווייל זיי האָבן זיך שוין געהאָט אויפגעהאַלטן אַ לענגערע צייט אויסער די גרענעצן פון פוילן — האָט מען זיי אַהער נישט אַריינגעלאָזט. אין זבאָנשין איז געווען אַזאַ לאַגער, ווו די אַרויסגעטריבענע האָבן געלעבט אויפן אייגענעם חשבון.

פאַרשטענדלעך, אַז די לאַסט אויסצוהאַלטן אָט די אומגליקלעכע, איז געפאַלן אויף די פּלייצעס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן.

אין דייטשלאַנד, עסטרייך און טשעכאָסלאָוואַקיע, האָט שוין געבושעוועט דער אַנטי־יידישער טעראָר. כלפּי דער יידישער באַפעלקערונג זענען אָנגעווענדעט געוואָרן די נירנבערגער געזעצן. יידן האָבן נישט געהאַט קיין שום בירגער־רעכט.

די אָנגעשטרענגטע פויליש־דייטשישע באַציאונגען האָבן בכלל נישט געשטערט דער פוילישער רעגירונג נאָכצוטאָן דעם שכנס ביישפיל אין איר האַנדלונג כלפּי דער יידישער באַפעלקערונג. אין פוילישן סיים איז אָנגענומען געוואָרן דאָס באַקאַנטע „שחיטה־געזעץ", וואָס האָט פאַרבאָטן די יידן צו שעכטן בהמות לויטן ריטואַל. עס האָבן זיך געהערט פאָדערונגען צו פאַרקירצן די רעכט פון דער יידישער באַפעלקערונג און אַרויפלייגן אויף איר הויכע שטייערן.

די אומרואיקייט איז געוואַקסן, בעת די פּאָליאַקן זענען געווען פול מיט האָפענונגען. זיי האָבן בלינד געגלייבט אין דער מיליטערישער פּאָטענץ פונעם פוילישן מיליטער און געהאַלטן, אַז היטלער וועט האָבן אַ האַרבע ניס צום צעקנאַקן, אויב ער וועט ריזיקירן מיט אַ מלחמה. מ'האָט געמיינט, אַז אין ערגסטן פאַל וועט זיך דער קריג ענדיקן מיטן פאַרלירן דעם „קאָרידאָר" און

דאַנציק. אין זייער נאַיוויטעט האָבן זיי געגלייבט, אַז אין אַ תקופה פון טאַנקן און עראָפּלאַנען, שטעלט מיט זיך פאָר די פוילישע קאַוואַלעריע אַ געוויסע ר'עאַלע קראַפט. די פּאָלאַקן האָבן זיך געפילט נאָכמער האָפערדיק, נאָכדעם ווי היטלער האָט אָקופּירט טשעכאָסלאָוואַקיי און פוילן האָט דערלאַנגט דער באַפאַלענער טשעכאָסלאָוואַקישער רעפּובליק מיט אַ מעסער אין רוקן, פאַרכאַפנדיק זאָאָלזשע און זי איינגעשלאָסן אין אירע גרענעצן. דער דאָזיקער נישט־קלוגער אַקט פון דער פּוילישער רעגירונג האָט געהויבן דעם גייסט ביי דער באַפעלקערונג.

די פּוילישע רעגירונג האָט אויך געשלאָסן אַ פּאַקט וועגן קעגנזייטיקער הילף מיט ענגלאַנד. האָט מען געגלויבט, אַז אין פאַל פון אַ מלחמה וועט ענגלאַנד קומען צו הילף פוילן, נאָך איידער די מיליטערישע מאַשין פון היטלער־דייטשלאַנד וועט פונאַנדערוויקלען אירע כוחות.

ביי אַן אַנדערע מיינונג זענען געווען די אוקראַינער, וועלכע האָבן געגלויבט אינעם קריג־אויסברוך און אינעם זיג פון דייטשלאַנד. זיי זענען געווען זיכער, אַז די דייטשן וועלן דיסקרימינירן די יידן און די פּאָלאַקן, און זיי, די אוקראַינער, וועלן פאַרכאַפן ביידנס פאַרמעגנס און צום סוף וועלן די דייטשן זיי איבערגעבן, אַלס מתנה, די ראַנד־געגנטן, אַלס אוקראַינישע געביטן. די אוקראַינער האָבן פאַר־מאָגט אין דייטשלאַנד אַן אייגענעם און בעסער־פונקציאָנירנדיקן ווי ביי די פּאָלאַקן, אויסשפּיר־אַפּאַראַט און וועגן אַלעמען געוווסט. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז די דייטשן וועלן דערקלערן מלחמה נישט נאָר פוילן, נאָר אויך סאָוויעט־רוסלאַנד און נאָכן זיג איבער די סאָוויעטן, וועלן זיי די דייטשן אויפשטעלן אַ באַזונדערע אוקראַינישע מלוכה, ווי אוקראַינער וועלן האָבן זייערע רעכט, אויב נישט — פולע אויטאָנאָמיע. די אוקראַינער האָבן זיך נישט באַהאַלטן מיט אָט די געדאַנקען און הויך גערעדט וועגן דעם.

אין דער זעלבער צייט האָבן זיך געמערט די צוזאַמענשטויסן מיט דער גרענעץ־וואַך. די דייטשן האָבן געהאַלטן אין איין פּראָוואָצירן גרענעץ־אינצי־דענטן, וואָס האָט קיין גוטס נישט אָנגעזאָגט.

אייניקע יידישע אָפּטימיסטן האָבן נישט געגלייבט אין אַ שנעלער מיליטערישער אַקציע, ווייל ענגלאַנד און פראַנקרייך זענען נאָך נישט געווען צוגעגרייט — און אַז די דייטשן וועלן דערווייל צוואַרטן, ביז יענע וועלן זיין גרייט...

די פּאָליאַקן האָבן דערווייל אָנגעהויבן מאָביליזירן עטלעכע יאָרגענג. אָבער דאָס איז געווען מער סימבאָליש, ווייל די פּוילישע רעגירונג האָט בכלל נישט געגלייבט אין דער מעגלעכקייט פון אַ שנעלן קריגס־אויסברוך. זי האָט זיך גוט געפילט אין שאָטן פונעם אָפּמאַך מיט ענגלאַנד.

יעדן פרימאָרגן האָבן די איינוווינער פון שטעטל זיך פאַרזאַמלט פאַר דער קירכע און קאָמענטירט די לעצטע ידיעות פון דער מערב־גרענעץ. דערווייל האָבן די שוואַרצע וואָלקנס זיך געמערט אויפן אויסגעלייטערטן הימל. די מלחמה איז שוין געהאַנגען אין דער לופטן .מיר האָבן פאַרויסגעזען אַ קאַטאַסטראָפע. מ'האָט געפילט , אַז דאָס זענען שוין די לעצטע מינוטן פון פרייהייט, דער לעצטער זומער און די לעצטע פרייע פעריען.

## די מלחמה

דעם 1־טן סעפּטעמבער 1939, אינדערפרי, איז די דייטשישע אַרמיי אַריבער־געגאַנגען די פּוילישע מערב־גרענעצן און מיט דריי הויפּט־קאָלאָנעס אַריינגע־דרונגען אין דער טיף פון פּוילן. דער ווידערשטאַנד פון די פּוילישע באַוואָפנטע קרעפטן איז געווען אַ מינימאַלער און איז געבראָכן געוואָרן ביי די ערשטע צוזאַ־מענשטויסן. די פּוילישע קאַוואַלעריע האָט נישט געקענט איינהאַלטן די טאַנקען. דייטשישע עראָפּלאַנען האָבן באָמבאַרדירט די פּוילישע לופט־באַזעס, פּוילישע עראָפּלאַנען זענען פאַרניכטעט געוואָרן, נישט באַוויזנדיק זיך אויפצוהויבן אין דער לופט. כמעט אַלע גרויסע שטעט פון פּוילן זענען גלייכצייטיק באָמבאַרדירט געוואָרן. אין לעמבערג זענען געווען אַ סך קרבנות אין מענטשלעכע לעבנס. כמעט אַלע גרעסערע באַן־קנופּן זענען פאַרניכטעט געוואָרן. שוין פונעם 1־טן סעפּטעמבער אינדערפרי האָט אין גאַנצן לאַנד געהערשט צעמישונג און אומאָרדענונג אין דער מלוכה־אַדמיניסטראַציע און אַ פּאַניק — צווישן דער באַפעלקערונג. די רעגירונג און מיליטערישע אָנפירונג האָבן פאַרלוירן די קעפּ.

די פיינטלעכע מיליטערישע איינהייטן האָבן אָן ווידערשטאַנד זיך געלאָזט אַלץ טיפער אין לאַנד, אין דער ריכטונג פון קראָקע, וואַרשע און דאַנציק. די רעגירונג און גענעראַל־שטאַב האָבן, זעט אויס, נישט דערשאַצט די כוחות פונעם שונא און זיך נישט געריכט אויף אַזאַ שטאַרקן אָנגריף. אַלע פאַרטיידיקונגס־ליניעס זענען איבערגעריסן געוואָרן ווי פעדים. נישט געווען ווער און מיט וואָס אויפצושטעלן נייע פאַרטיידיקונגס־ליניעס אויפן אָרט פון די איבערגעריסענע, ווייל דער גאַנצער מיליטערישער אַפּאַראַט האָט זיך געפונען אין די הענט פון מאַרשאַל רידז־שמיגלי, וועלכער איז פאַקטיש געווען נישט מער ווי אַ לאַלקע אין געגלאַנצטע שטיוול און נישט געהאַט קיין אָנונג אין מלחמה־ענינים. זיינע נאָענטסטע מיטאַרבעטער זענען געווען נאָך ערגער פון אים אַליין. דער פּוילישער זעלנער, וועלכער האָט געוואָרן איינגעשטעלט זיין לעבן, האָט נישט פאַרמאָגט קיין אָנפירער־שאַפט. די הויכע אָפיצירן זענען אַנטלאָפן פון קאַמפּס־פעלד און זיך איבערגעטאָן אין ציווילער קליידונג. די נידעריקערע אָפיצירן האָבן אָרגאַניזירט איינצלנע קאַמפּס־גרופּן און אַזוי אַרום געשטעלט אַ ווידערשטאַנד דעם שונא און אים פאַר־שאַפט שווערע פאַרלוסטן. די רעגירונג און מיליטערישער שטאַב האָבן מער נישט געטראַכט וועגן פאַרטיידיקונג און שוין אין די ערשטע טעג פון קריג אָנגעהויבן פּאַקן זייערע טשעמאָדאַנעס און זיך געגרייט צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד. די באַפעלקע־רונג איז איבערגעלאָזט געוואָרן דעם אייגענעם גורל. די פיינטלעכע עראָפּלאַנען האָבן אומאויפהערלעך און אומגעשטערט באַשאָסן פון מאַשינגעווער די פרידלעכע און שוצלאָזע בירגער. די באַפעלקערונג האָט מיט שרעק און פאַרביטערונג געקוקט אויף די דאָזיקע לופט־אָנפאַלן. זי האָט זיך אָבער נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון פון דער געשאַפענער סיטואַציע, ווייל דער כאַאָס איז געווען אומבאַשרייב־לעך.

איינער האָט געפרעגט דעם צווייטן: „ווו איז אונדזער מיליטער?“, ווו געפינט זיך דער פּרעזידענט?“, „ווו איז די רעגירונג און ווו געפינט זיך די פאַרטיי־

דיקונג ?״. זיי האָבן נישט געגלויבט אינעם פּלוצימדיקן פונאַנדערפאַל פון דער מלוכה, וואָס מ׳האָט געבויט אין משך פון 20 יאָר. מ׳האָט זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון פון דער אמתער סיטואַציע, ווייל מ׳האָט נישט געוווּסט ווו ס׳געפינט זיך דער שונא. און דער שונא האָט זיך שפּאַצירט אויף די פּוילישע וועגן, נישט אַנטרעפנדיק אויף קיין שום ווידערשטאַנד. די פּאָסט, טעלעגראַף, טעלעפאָן, ראַדיאָ און די פּרעסע האָבן אויפגעהערט צו פונקציאָנירן פונעם ערשטן טאָג פון קריג. די באַן־ליניעס זענען פאַרניכטעט געוואָרן.

פון אָט דער צעמישונג האָבן אין אונדזער געגנט געניצט די אוקראַינער, וועלכע האָט מיט פרייד אויפגענומען דעם פונאַנדערפאַל פון דער פּוילישער מלוכה און זיך געגרייט איבערצונעמען די מאַכט, מיטן מאָמענט ווען די דייטשן וועלן זיין נאָענט. אויף די וועגן האָבן די אוקראַינער באַשאָסן די אָפּטרעטנדע פּוילישע מיליטער־אָפּטיילונגען. ס׳האָט געשלאָגן די שעה פון זייער טעטיקייט. זייערע פּאַרטיזאַנער און פּראָוואָקאַטאָרן האָבן אָנגענומען אַ רעאַלע פאָרם. נאָכן דריטן טאָג פון קריג, האָט פּוילן, דע־פאַקטאָ, אויפגעהערט עקזיסטירן. עס האָט געהערשט אַנאַרכיע. נאָר אַ דאַנק דער ענערגישער האַלטונג פון דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט אָרגאַניזירט אַ זעלבסטפאַרטיידיקונג, איז נאָכנישט דערגאַנגען צו פּאָגראָמען, מאָרדן און בלוט־פאַרגיסונג. די יידן האָבן איבערגעלעבט שרעקלעכע פּאַניק־טעג. די פּוילישע באַפעלקערונג האָט זיך נאָכנישט אָפּגעגעבן קיין רעכענונג פון דעם וואָס ס׳איז געשען.

ערשט ווען דעם 8־טן סעפּטעמבער האָבן זיך באַוויזן די ערשטע פּליטים פון לעמבערג, קראָקע א.א. האָבן די פּאָלאַקן אָנגעהויבן צו פאַרשטיין די גרויזאַמקייט פון דער לאַגע. די פּליטים האָבן פאַרפולט די וועגן וואָס פירן קיין סטאַניסלאַוואָוו און בזשעזשאַן. מ׳איז געלאָפן אָן א פּלאַן און ריכטונג. די שרעק און פּאַניק האָבן זיי געיאָגט פאָרויס, ווייל דער שונא האָט זיך שוין געפונען אויף די פאַרשטעט פון לעמבערג און וואַרשע. אַנדערע טיילן פון לאַנד זענען שוין אינעם 10־טן טאָג פון קריג געווען פאַרנומען דורכן שונא. לויט דער אַלגעמיינער אָפּשאַצונג, איז דאַן פּוילן געווען כמעט אינגאַנצן פאַרנומען. די רעגירונג און מיליטער־אָנפירונג האָבן זיך שוין געפונען אויף דער רומעניש̈ער גרענעץ. נישט געווען, אויסער קליינע אויסנאַמען, קיין שום פאַרטיידיקונג. די שטעט זענען געשטאַנען אָפן פאַר די דייטשן.

דעם 14־טן סעפּטעמבער האָבן עטלעכע פאַמיליעס אין ראָהאַטין פּרובירט צו אַנטלויפן אין דער ריכטונג פון בזשעזשאַן. צווישן זיי בין אויך איך געווען, אַ טייל פון אַלטער פאַוסטס פאַמיליע, פון סאַלאַ קרייסלער, רייס פון אייזן־געשעפט א. א. אויסער מיר איז קיין איינער פון זיי קיין בזשעזשאַן נישט דער־גאַנגען. אָפּפאָרנדיק אַ 20 קילאָמעטער, האָבן זיי זיך אומגעקערט אַ היים, צוגעבנדיק: „זאָל געשען וואָס ס׳דאַרף געשען!״ די פּאָליאַקן האָבן בכלל נישט פּרובירט צו פאַרלאָזן די שטאָט און זענען געווען איבערראַשט אין זייער פאַר־צווייפלונג און שרעק. די אוקראַינער, דאַקעגן, זענען געווען האָפערדיק, גליקלעך און פול מיט אָפּטימיזם. זיי האָבן, ענדלעך, דערלעבט דאָס פאַלן פון פּוילן, וואָס איז ביי זיי געווען אַזוי פאַרהאַסט.

אין די טעג פון 15־טן, 16־טן און 17־טן סעפטעמבער איז די לאַגע אין שטאָט געוואָרן געפערלעך. די אַרומיקע פּויערים, איבערצייגנדיק זיך, אַז ס'איז נישטאָ קיין רעגירונג און מיליטער, האָבן מאַסנווייז אָנגעהויבן צו שטראָמען אין שטאָט אַריין. צום גליק האָט די אָרטיקע פּאָליציי נישט פאַרלאָזט זייער פּאָסטן, הגם די רעגירונג זעלבסט איז שוין געהאַט אַנטלאָפן. זי האָט זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג פון דער געפערלעכער לאַגע, וואָס קען אַנטשטיין, אין פאַל ווען ס'וועט אויפן אָרט נישט זיין קיין שום מאַכט. זי האָט פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג אָרגאַניזירט אַ זעלבסטשוץ. פונאַנדערגעטיילט געווער די וואָס האָבן זיך דערמיט געקאָנט באַגיין און אַזוי אַרום געראַטעוועט די באַפעלקערונג פון אַ זיכערן אונטערגאַנג.

אין צווישנצייט איז געשען אַן אומדערוואַרטע זאַך: אָנשטאָט דעם דייטשישן מיליטער, איז צו אונדז אַריינגעקומען... די רויטע אַרמיי.

## אונטער דער סאָוויעטישער הערשאַפט

ווען די פאָדערשטע דייטשישע פּאַטרולן האָבן דעם 17־טן סעפטעמבער דערגרייכט לעמבערג און אויף דער רעשט טעריטאָריע פון מזרח־זייט ביז דער רוסישער גרענעץ האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן אַנאַרכיע און אומאָרדענונג — האָט די סאָוויעטישע רעגירונג פאַרעפנטלעכט פאָלגנדיקע דערקלערונג:

„נאָכן אַנטלויפן פון דער פּוילישער רעגירונג, איז אויף דער טעריטאָריע פון מזרח־קליינפּוילן, פון טייך סאַן ביזן זברוטש, אַנטשטאַנען אַ פּאָליטישער „וואַקוּם" און עס דראָט דעריבער אונדזערע אוקראַינישע ברידער אַן אַנאַרכיע. כדי אויסצופילן דעם דאָזיקן בלויז און איינצופירן אָרדענונג, שיקט די ראַטנרעגירונג אַרויס איר אומבאַזיגבאַרע אַרמיי, בכדי זי זאָל נעמען אונטער איר שוץ די אוקראַאינער און די רעשט באַפעלקערונג פון דער דאָזיקער טעריטאָריע און איינפירן רו און זיכערקייט".

ווען די דאָזיקע ווערטער זענען איבערגעגעבן געוואָרן דורכן ראַדיאָ, זענען סאָוויעטישע טאַנקן־קאָלאָנעס איבערגעטראָטן די מזרח־גרענעץ פון פּוילן און אַריין אין דער טיפעניש פון לאַנד. אין די נאָכמיטאָג־שעהן זענען זיי שוין געווען אין פּאָדהייצי און בזשעזשאַן. אין אַלגעמיין זענען זיי דורך דער באַפעלקערונג אויפגענומען געוואָרן הארציק ,ווייל זיי האָבן פּראָקלאַמירט, אַז זיי קומען צוהילף דער שוצלאָזער באַפעלקערונג, וועלכע איז פאַרלאָזט געוואָרן דורך דער פּוילישער רעגירונג און זיי וועלן באַשטראָפן די פּוילישע „פּאַנעס" פאַר זייער הערשאַפט.

די יידן האָבן זיך דאַן געפילט ווי געראַטעוועטע פון אונטערגאַנג. דאַקעגן האָבן די פּאָלאַקן אויף זיי געקוקט ווי אויף אָקופּאַנטן, ווייל זיי וואָלטן בעסער געזען די דייטשן, איידער די סאָוויעטן. די אוקראַאינער זענען געווען צעטיילט אין זייערע מיינונגען. די נאַציאָנאַליסטן זענען געווען אַנטוישט, ווייל זיי האָבן אויסגעקוקט די דייטשן, וועלכע האָבן באַדאַרפט אַרויסטרייבן די פּאָלאַקן און

זיי, די אוקראַינער, איבערגעבן אַ זעלבשטענדיקע אוקראַינע. דאַקעגן איז די אָרעמע דאָרפישע באַפעלקערונג, אויך אוקראַינער, געווען צופרידן, ווייל מיטן אָנקומען פון די סאָוויעטן, האָט מען געהייסן דער דאָרפישער באַפעלקערונג פונאַנדערטיילן די גיטער און הויפן פון די פוילישע גוטבאַזיצער. מ׳האָט צוגע־נומען די פערד, בהמות, חזרים, תבואה און אַנדערן אינווענטאַר. אין משך פון דריי שעה צייט זענען די פּריצישע הויפן געבליבן ליידיק און פוסט. אַלץ איז געוואָרן צעראַבירט. די אייגנטימער פון די גיטער זענען אַנטלאָפן קיין לעמבערג באַלד אין די ערשטע טעג פון קריג, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט איבערצובלייבן אין דאָרף.

דאַשעווסקי, דער גוטבאַזיצער פון זאַלושא, ווען די סאָוויעטן האָבן געפונען אויפן אייגענעם הויף, איז דער׳שאָסן געוואָרן אויפן אָרט. פאַרשטענד־לעך, אַז דערפון האָט פיל געגאַסן די דאָרפישע באַפעלקערונג, וועלכע האָט נישט געהאַט דערווייל קיין סיבה זיך צו קלאָגן אויף דער נייער סאָוויעטישער מאַכט. זי האָט דערווייל אַנגערויבט ס׳פאַרמעגן פון די פּריצישע הויפן, וועגן וואָס זיי האָבן קיינמאָל אפילו נישט געחלומט.

די סאָוויעטישע טאַנקן פלעגן זיך פאַרהאַלטן אויף די וועגן. די סאָלדאַטן האָבן פאַרפירט פריינדלעכע געשפּרעכן מיט דער אָרטיקער באַפעלקערונג און דערציילט וועגן גליקלעכן לעבן אין רוסלאַנד. דערביי האָבן זיי אויך געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך איבערצוציייגן, אַז די אָרטיקע מענטשן, וועלכע האָבן געאַרבעט פאַר די פּריצים, האָבן נישט שלעכט אויסגעזען, געווען געקליידעט און גוט געלעבט אין זייערע פּריוואַטעווירטשאַפטן. די זעלנער האָבן אַנטדעקט, אַז אייגנטלעך איז גאָר ביי אונדז נישט אַזוי שלעכט ווי מ׳האָט זיי אינפאָרמירט; אַז מיר האָבן גאָרנישט אַזויפיל געליטן אונטער דער הערשאַפט פון די פּריצים. יעדער פויער האָט פאַרמאָגט זיין אייגן הויז און אַן אייגענע ערשטקלאַסיקע ווירטשאַפט. די זעלנער האָבן זיך נישט איבערגענומען מיט דעם אַלעמען און ווייטער פאָרגעזעצט זייערע דערציילונגען וועגן רוסלאַנד.

ווען דעם 17־טן סעפּטעמבער 1939 איז, אַנשטאָט דער דייטשישער אַרמיי, אַריינגעקומען די סאָוויעטישע, האָבן זי די יידן אויפגענומען ווי באַפרייער און באַשיצער. יידן האָבן אָפן באַגריסט די סאָוויעטן, און די נייע מאַכט האָט זיך אָנגעהויבן באַציען צו די יידן מיט אַזאַ צוטרוי ווי צו די אוקראַינער.

די סאָוויעטן האָבן באַשעפטיקט יידן אין דער אַדמיניסטראַציע און אפילו אין דער אָרטיקער מיליץ. יידן האָבן זיך גערן געריסן צו דער דאָזיקער אַרבעט, ווייל אַרבעטלאָזע פאַכלייט און אינטעליגענטן זענען געווען גענוג.

די סאָוויעטן האָבן זיך שנעל גענומען באַהערשן די נייע געביטן, נאַציאָ־נאַליזירנדיק די ווירטשאַפט (אַלע פּריוואַטע און עפנטלעכע גיטער, הייזער, געשעפטן, קליינע און גרויסע אונטערנעמונגען, אויטאָס, בעקערייען און דרוק־קערייען). נאָר די קליינע דאָרפישע ווירטשאַפטן זענען נישט נאַציאָנאַליזירט געוואָרן, אָבער שפּעטער זענען אויך זיי אַריינגעצויגן געוואָרן אין די קאָלכאָזן.

אין די שטעט, איידער די נייע מאַכט איז צוגעטראָטן צו דער נאַציאָנאַלי־זאַציע פון די געשעפטן, האָט די ציווילע באַפעלקערונג און דאָס אַריינגעקומענע מיליטער, אויסגעקויפט אַלץ וואָס האָט זיך דאָרט געפונען. ס'איז אַנטשטאַנען אַ שוואַרץ־האַנדל און שפּעקולאַציע מיט אַרטיקלען פון ערשטן געברויך. עס האָבן אויסגעפּעלט די וויכטיקסטע סחורות.

אונדז איז שווער געווען זיך צוגעוואוינען צו אַזאַ פּרימיטיוו לעבן. דאָך האָבן מיר נישט אַרויסגעוויזן קיין אומצופרידנהייט, ווייל מיר זענען געווען דאַנקבאַר דער נייער מאַכט פאַר איר ראַטעווען אונדז פון היטלערס הענט.

## די פאַרשיקונגען אויף סיביר

דער ערשטער קרבן פון אַן עפנטלעכן געריכט מיט אַן אורטייל פאַרשיקט צו ווערן קיין סיביר, איז געווען שאול גראַד, געוועזענער סוחר פון אַ שניט־קראָם, וועמען ס'איז נאָך איבערגעבליבן אַ ביסל מאַנופאַקטור. האָט ער עס פאַרקויפט פאַר העכערע פּרייזן — און וואַרשיינלעך האָט מען אים געמסרט.

דאָס געריכט איז פאָרגעקומען אין שבת־שמחת־תורה, אין זאַל פון אָרטיקן „סאָקאָל". פאַר דעם האָט מען אין דער גאַנצער שטאָט און אַרומיקע דערפער, געמאָלדן דורך פּלאַקאַטן, אַז אין דעם טאָג וועט פאָרקומען אַ פאָלקס־געריכט איבער אַ ייד, אַ הענדלער, אַ שונא פון פאָלק, וועלכער האָט גענומען הויכע פּרייזן און געזויגן דאָס בלוט פונעם אָרעמען, אַרבעטנדיקן פאָלק.

דאָס געריכט איז פאָרגעקומען פאַר געשוואוירענע ריכטער, רעקרוטירט פון די אַרומיקע פּויערים און פּויערטעס. באַשולדיקט האָט אַ מיליטערישער פּראָ־קוראָר, וועלכער האָט אין אָנפאַנג געהאַלטן אַ פלאַם־פייערדיקע רעדע וועגן גן־עדן אין רוסלאַנד און דערנאָך איבערגעגאַנגען צו דער כאַראַקטעריסטיק פון הענדלער און סוחרים, וועלכע ער האָט פאַרגעשטעלט אַלס שונאים פונעם אַרבע־טנדיקן פאָלק. צום סוף האָט ער געפאָדערט צו באַשטראָפן גראַדן מיט אַ האַרבע שטראָף: 10 יאָר קאַטאָרגע אין סיביר. דאָס געריכט פון די געשוואוירענע האָט אויפגעהויבן זייערע הענט אַלס צייכן פון איינשטימיקייט — און דער אורטייל איז טאַקע געווען: צען יאָר פאַרשיקונג. אַלס אויסדרוק פון איינשטימיקייט מיטן גערעכטן אורטייל, האָבן די פאַרזאַמלטע אַפּלאָדירט...

נאָך דער דאָזיקער געשעעניש איז די שטאָט געווען דערשיטערט. יידן האָבן ממש אָנגעוואוירן די קעפּ. אַ פּחד האָט אַרומגעכאַפּט אַלעמען, אויסער די נישט־יידן, וואָס האָבן אויפגעהויבן די קעפּ.

אין אַ שפּעטערדיקן עטאַפּ, ווען די סאָוויעטן האָבן שוין געהאַט פאַרפעסטיקט זייער אַדמיניסטראַציע און אַלץ איז געגאַנגען גלאַטיק, האָבן געוועזענע סוחרים, אייגנטימער פון גרעסערע פאַרמעגנס (ווי, למשל: רייס, מאַנדעל פּרייס, אלתר פאַוסט, משה און אירע קאַרבין א. א.), זיך געפונען אונטער דער געפאַר פון פאַר־שיקונג.

ס'איז אָבער נישט געשען ווי מ'האָט געמיינט. ווייל אין דער ערשטער ריי האָבן די סאָוויעטן אַרויסגעפירט די געוועזענע פּוילישע באַאַמטע און פּאָלי־

ציאַנטן. דאָך זענען אַפילו יידן פון די אָרעמערע שיכטן געווען אין שטענדיקן פחד, ווייל פאַר יעדער קלייניקייט, צי איבערשרייטונג פון די נישט קלאָרע געזעצן און פאָרשריפטן, אָדער דענונציאַציע מצד אַן אַ צאָל געהיימע מוסרים, האָט געדראָט מיט יאָרן סיביר.

די רויטאַרמייער וואָס האָבן באַזעצט קליינפוילן, זענען באַשטאַנען פון אוקראַינער. די סאָוויעטן האָבן דאָס געטאָן מיט אַ ספּעציעלער אויסרעכענונג, כדי צו געווינען די סימפּאַטיע פון דער אָרטיקער אוקראַינישער באַפעלקערונג. די סאָוויעטישע רעגירונג האָט געוווּסט וועגן די נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען ביי די אוקראַינער — האָט מען זיי געגעבן אַן אוקראַינישע אַרמיי, הגם — אַ רויטע. גאָר שנעל האָבן פיל אוקראַינער זיך איבערצייגט אין דעם מאַנעווער פון דער סאָוויעטנמאַכט און זיך אָנגעהויבן פון איר אָפּצוקערן. זיי זענען אַנטלאָפן אויף דער דייטשישער זייט, איבערן טייך סאַן. דאָס האָט דער עיקר געטאָן די אוקראַינישע יוגנט. די פּאָליטיש־דעזאָריענטירטע זענען געבליבן אויפן אָרט און סאַבאָטירט די סאָוויעטישע אַדמיניסטראַציע.

דערווייל האָט זיך אָנגעהויבן די רעאָרגאַניזאַציע פון האַנדל, אינדוסטריע און ווירטשאַפט אויף אַ סאָוויעטישן אופן. מ'האָט אָרגאַניזירט קאָאָפּעראַטיוון פון שניידעריי, שוסטעריי, בלעכעריי און בעקעריי. בראש פון אַזעלכע „אַרטעלן״, אָדער קאָאָפּעראַטיוון, איז געשטאַנען אַן אָנפירער מיט אַ געהעריקער פאַך־אויסשולונג (אין רוב פאַלן — אַ ייד).

רוישטאָפן האָט מען געבראַכט פון סטאַניסלאַוואָוו, לעמבערג, טאַרנאָפּאָל א. אַ. אויך אין די דערמאָנטע שטעט און אין די פאַבריקן האָבן יידן, ווי געהעריקע פאַכמענער, פאַרנומען די וויכטיקסטע פּאָזיציעס. די אַרבעטער אין די אַרטעלן, יידן און נישט־יידן, האָבן געאַרבעט אונטער דער אָנפירערשאַפט פון יידישע דירעקטאָרן. די אויפזיכט איבער די פאַבריקן האָט זיך געפונען אין די הענט פון דער פּאַרטיי, וואָס האָט ווידער געהאַט אַ גרעסערן צוטרוי צו יידן, ווי צו נישט־יידן. די פּאַרטיי האָט געוווּסט, אַז אחינו בני ישראל האָבן נישט קיין פּאָליטישע אַספּיראַציעס און ווילן נאָר רואיק אַרבעטן און רואיק לעבן. די פּאַרטיי האָט אויך געוווּסט, אַז הינטער די נישט־יידן שטייט אַן אונטערערדישע נאַציאָנאַליסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס פירט אַ סאַבאָטאַזש־אַרבעט קעגן דער קאָלעקטיוויזאַציע.

## פאַרדאָפּלט די צאָל יידן

ביי דער סאָוויעטישער הערשאַפט האָט די צאָל יידן אין ראָהאַטין כמעט זיך פאַרדאָפּלט, צוליב דער גרויסער צאָל פּליטים פון דייטשלאַנד. געווען צווישן זיי אינטעליגענטע יידן, מיט געהעריקער בילדונג, וואָס האָבן אַמאָל געלעבט אין גוטע באַדינגונגען. דאָ אָבער זענען זיי געווען אָרעם און געמוזט פאַרקויפן די לעצטע רעשטלעך פון זייער פאַרמעגן.

צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע בירגער האָט די נייע מאַכט נישט געהאַט קיין צוטרוי. קודם כל האָבן די פּליטים נישט געקענט די אוקראַינישע שפּראַך.

די סאָוויעטן האָבן אויך געוווּסט, אַז ביי דער ערשטער געלעגנהייט וועלן זיי געבן זיך אומקערן קיין דייטשלאַנד. ווען ס׳איז אַדורכגעפירט געוואָרן די פאַספּאָרטיזאַציע, האָט מען זיי אַריינגעשריבן אַ צוגאָב־באַמערקונג, אַז זיי האָבן נישט קיין רעכט פריי אַרומצופאָרן איבערן לאַנד.

אויך אונדזערע אייגענע יידן, געוועזענע סוחרים, האָבן באַקומען אַזעלכע פּאַספּאָרטן מיט אַ צושריפט, אַז זיי האָבן נישט קיין רעכט צו פאָרן אויסער די גרענעצן פון ראָהאַטין.

ראָהאַטין האָט ביי די סאָוויעטן זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מער וויכטיקערן פּונקט ווי ביי די פּאָלאַקן. אַלע אַמטן, וואָס האָבן עקזיסטירט ביי די פּאָלאַקן, זענען ביי די סאָוויעטן אויסגעברייטערט געוואָרן. אומעטום האָט געאַרבעט אַ גרויסער שטאַב פון באַאַמטע, דער עיקר — אוקראַאינער, יידן און אויך פּאָלאַקן. געווען אויך נייע אַמטן, ווי, למשל: דער אַמט פאַר פאַרזאָרגונג פון תבואה, פליייש, פעדערן, רויע פעל, אַ מאַשין־טראַקטאָר־סטאַציע, אַ גרויסער אַמט פאַר שול־וועזן. אַלע קינדער האָבן זיך געלערנט אין איין געמיינזאַמער שול. אַלס לערער זענען געווען אוקראַאינער און יידן (ד. ה. די וואָס ביי די פּאָליאַקן זענען זיי געווען אַרבעטלאָז). געווען אויך פּוילישע לערער, אָבער זיי האָבן געלערנט אין דער אוקראַאינישער שפּראַך. געווען פּאַרטייאישע און „קאָמסאָמאָלישע" קלובן. געווען אויך אַ שפּיטאָל אין הויז פון אָרטיקן מאַגאַכן־אָרדן (דירעקטאָר — ד״ר אָנופריק). געווען אַ גרויסע אַמבולאַטאָריע („פּאָליקליניק"), איך האָב דאָרט געאַרבעט אַלס דירעקטאָר. אַלע אָרטיקע דאָקטוירים זענען געווען באַשעפטיקט, ווי אויך די דאָקטוירים־פּליטים פון קראָקע, בריסק און ריישע. די אַמבולאַטאָריע האָט זיך געפונען אין הויז פון דענטיסט ראָטבאַום. געווען אַ קרייז־געזונטהייטס־אַמט, בראש פון וועלכן ס׳איז געשטאַנען ד״ר פּאַסוועג. ס׳האָט אויך עקזיסטירט אַ סאַנאַטאָריע פאַר לונגען־ליידנדע אונטער דער אָנפירערשאַפט פון ד״ר גאָלד. ד״ר חיה קאַץ איז געווען אינספּעקטאָרין פאַר קינדער־אויפזיכט און ד״ר בער מאַנ־האַרד — פאַראַנטוואָרטלעכער שול־דאָקטאָר.

די בתי־הכנסת זענען אין משך פון דער גאַנצער צייט פון דער סאָוויעטי־שער מאַכט, נישט אָנגערירט געוואָרן. דער נייער רעזשים האָט זיך דערווייל נישט געמישט אין רעליגיעזע ענינים. עס זענען נאָך פאָרגעקומען רעליגיעזע חתונות, בריתן, לוויות. די יום־טובים האָט מען געפּראַוועט ווו אין נאָרמאַלע צייטן, אָן שום שטערונגען, הגם מיט אַ געוויסער דיסקרעטער באַהאַלטנקייט, כדי קיינעמען נישט רייצן.

די שטאָט איז אין רוב טעג געווען באַהאָנגען מיט רויטע פענער. אויפן רינעק איז געשטאַנען אַ גרויסע סקולפּטור פון לענינען, מיט אַן אויסגעצויגענער האַנט אין דער ריכטונג פון מזרח. דער מאַרק איז געווען ליידיק און באַוואַקסן מיט גראָז און בלומען. ס׳זענען נישט פאָרגעקומען קיין שום יאַרידים. דער גאַנצער האַנדל איז געלעגן אין די הענט פון עטלעכע קליינע געוועלבלעך־קאָאָפּעראַטיוון אין וועלכע ס׳איז געווען זייער ווייניק סחורה. נישט מער, ווי אַן אויספאַרקויף פון די איבערבלייבענישן...

## דער דייטשיש־סאָוויעטישער קריג

אָן טומל אָדער אינצידענטן — איז אויסגעבראָכן די מלחמה. די סאָוויעטן זענען נישט אַרומגעכאַפּט געוואָרן דורך אַ פּאַניק און נישט אָנגעוווירן זייער גלייכגעוויכט. פונעם ערשטן טאָג פון קריג האָבן זיי זיך באַמיט, אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן, זיך אַרויסצוציען אין דער טיף פון רוסלאַנד. מיר האָבן געמיינט, אַז זיי ציען זיך נאָר צוריק ביז דער אַלטער גרענעץ. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אונטערן דרוק פון די דייטשע באַוואָפנטע כוחות, זענען זיי צוריקגעטרעטן ביז סטאַלינגראַד. די סאָוויעטן האָבן געשטעלט די דייטשן אַ ווידערשטאַנד, אָבער זיי האָבן זיך געמוזט צוריקציען אונטערן שווערן דרוק פון דער היטלעריסטישער קריגס־מאַשין.

פּאַניק און פאַרצווייפלונג האָט באַהערשט די יידן. זייענדיק ווייט פון דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע, האָבן זיי דאָך ליבערשט געוואָלט בלייבן אונטער דער סאָוויעטישער הערשאַפט, איידער ביים דייטש.

די אוקראַינער דאַקעגן, האָבן אויסגעקוקט די דייטשן ווי זייערע באַפרייער. ד"ר מעלניק איז געווען גוט אינפאָרמירט וועגן אַלע באַוועגונגען פון דייטשן מיליטער. וואָרשיינלעך האָט ער געהערט צו אַ געהיימער שפּיאָנאַזש־אָרגאַניזאַציע. אויך די פּאָלאַקן האָבן בעסער געוואָלט די דייטשן, איידער די סאָוויעטן.

אַ סך יידן האָבן צוזאַמען מיט די סאָוויעטן געוואָלט אַנטלויפן אויף מזרח, זיי האָבן אָבער נישט געהאַט קיין אייגענעם טראַנספּאָרט. די סאָוויעטן האָבן אונדז אָפּגערעדט פון אַנטלויפן, נאָר געהייסן בלייבן אויפן אָרט, ווייל ס'וועט נישט לאַנג דויערן און זיי וועלן צוריקקומען.

נישט געווען קיין אַנדערער אויסוועג ווי בלייבן אויפן אָרט. אויך דאָס אַנטלויפן מיט די סאָוויעטן איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסער געפאַר, ווייל די דייטשישע עראָפּלאַנען זענען פריי געפלויגן אין דער לופטן און אומגעשטערט באַשאָסן און באָמבאַרדירט די אָפּטרעטנדיקע אַרמיי־אָפּטיילונגען און ציווילע.

די סאָוויעטן זענען טאַקע צוריקגעקומען, נאָר ערשט אין דריי יאָר אַרום — און געפונען אויפן אָרט בלויז זעקס יידישע פאַמיליעס. זעקס טויזנט יידן פון ראָהאַטין און אומגעגנט, זענען אומגעבראַכט געוואָרן אויף די פאַרשטעטע און פעלדער פון שטעטל.

די דייטשישע אַוויאַציע האָט אַראָפּגעוואָרפן אויף ראָהאַטין פיל בּאָמבעס, אָבער קיין גרויסן שאָדן נישט געמאַכט.

## דער אַריינמאַרש פון די דייטשן

דעם 6.7.1941, מיטוואָך, 6 פאַרנאַכט, האָבן די סאָוויעטן, אָן איין שאָס, פאַרלאָזט ראָהאַטין. דערנאָך האָבן אַריינמאַרשירט די דייטשן. ווי נאָר די סאָוויעטישע אַרמיי האָט פאַרלאָזט די שטאָט, איז די נישט־יידישע באַפעלקערונג

אַרויס אין די גאַסן מקבל־פּנים צו זיין די לאַנג־דערוואַרטעטע דייטשישע אַרמיי. פאַרשטענדלעך, אַז קיין יידן האָט מען אין די גאַסן נישט געזען. זיי האָבן דערשראָקענע זיך באַהאַלטן אין די הייזער.

מיטן אַריינטריט פון דער וועדמאַכט, הייבט זיך אָן אַ ניי, אָבער טראַגיש קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון די ראָהאַטינער יידן. ראָהאַטין האָט ווידער געטרישט איר אויסזען. די קריסטלעכע באַפעלקערונג איז יום־טובדיק געקליידעט, פריילעך געשטימט, שפּאַצירט אויף די גאַסן. מ׳האַלט אין איין באַגריסן די דייטשישע סאָלדאַטן. מ׳האָט אַראָפּגעריסן אַלע סאָוויעטישע שילדן, אויפשריפטן, לאָזונגען און פּאָרטרעטן. די לענין־פיגור האָט די באַפעלקערונג אַליין אַנידער־געוואָרפן. די אוקראַאינישע און פּוילישע יוגנט האָט זיך אויף אייגענער איני־ציאַטיוו אָרגאַניזירט, באַוואָפנט מיט שטעקנס און אָנגעטאָן אַרדענונגס־בענדער אויף די אָרעמס. זיי זענען אַוועק איבער ידישע הייזער און פון דאָרט אַרויס־געשלעפּט מענטשן אויף צו רייניקן די גאַסן, פּלעצער און אַמטן, וואָס זענען פריער געווען פאַרנומען דורך די סאָוויעטן. דערביי זענען פאָרגעקומען צוזאַ־מענטשויסן, געשלעגן און בלוט פאַרגיסונגען. די יידן האָבן זיך שוין געפונען אויסערן געזעץ און געווען אויסגעשטעלט אויפן ווילקיר פון די נישט־יידן און דייטשן. נישט אַלע פּאָליאַקן האָבן אָנטיילגענומען אין די אַנטי־יידישע אַקציעס. די אוקראַאינער האָבן איבערגענומען די ווירטשאַפט פון די סאָוויעטן. איך זעלבסט האָב די „פּאָליקליניק״ איבערגעגעבן באַיקיעוויטשן, וועלכער איז געווען דער קאָמיסאַר פון נאָך־סאָוויעטישן פאַרמעגן.

די ערשטע נאַכט מיט די דייטשן איז אַדורך רואיק, הגם אין שפּאַנונג. קיינער האָט קיין אויג נישט צוגעטאָן, ווייל מ׳האָט נישט געוואוסט, וואָס עס קאָן פּאַסירן. צומאָרגנס איז אָנגעקומען די מיליטערישע שטאָט־קאָמענדע. מ׳האָט צוזאַמענגערופן די יידישע פאָרשטייער, זיי זאָלן אָרגאַניזירן אַ יודענראַט. די לאָקאַלע מאַכט האָט זיך צוגעאיילט מיטן אַרויסגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע יידן זאָלן טראָגן אָרעמבענדער מיטן מגן־דוד.

דאָנערשטיק און פרייטיק זענען פאָריבער פאַרהעלטניסמעסיק רואיק, הגם די אָרטיקע כוליגאַנעס האָבן זיך געלאָזט ווארילגיין. די דייטשן האָבן זיך דער־ווייל נישט געמישט אין די יידישע ענינים, ווייל אַלס פראָנט־סאָלדאַטן האָבן זיי געהאַט צו זאָרגן וועגן אייגענע, מיליטערישע ענינים. זיי האָבן זיך נאָר גלייכגילטיק צוגעקוקט צו דער זעלבשטענדיקער באַלעבאַטישקייט פון די נישט־יידן.

כ׳האָב דאַן געהאַט דעם איינדרוק, אַז די דייטשן קוקן נישט מיט קיין גוט אויג אויפן אומאָרגאַניזירטן אויסברוך פון דער נישט־יידישער באַפעלקערונג, אָבער פאַרטיידיקן די יידן האָבן זיי נישט געקאָנט. דער דייטש אָנערקענט נישט קיין איזורפּאַציע פון אַ יחיד ; ער האָט פאַרשטענדעניש פאַר אַ באַפעל, אָן וועלכן ער וועט גאָרנישט טאָן. דאַקעגן האָבן די אוקראַאינער און די פּאָליאַקן אַלץ געטאָן אומאָרגאַניזירט און אייגנווייליק, גלייך די דייטשן וואָלטן פאַר זיי באַפרייט ראָהאַטין פון דער סאָוויעטישער הערשאַפט.

## דער ערשטער „שוואַרצער שבת"

דעם 9.7.1941, שבת אינדערפרי, האָט אין שטאָט זיך באַוויזן אַ גרעסערע צאָל יוגנטלעכע פון די אַרומיקע דערפער און פון ראָהאַטין גופא, מיט נאַציאָ־נאַליסטישע אָפּצייכענונגען אויף די לאַצן, אָדער אַרעמבענדער און מיט אַ שטעקן אין האַנט. דאָס האָט נישט פאָרויסגעזאָגט קיין שום גוטס. יידן האָבן נישט פאַרלאָזט זייערע וווינונגען נאָך פון מיטוואָך, העכסטנס צוליב אַ נויטווענדיקער סיבה. מ'האָט נאָך אַלץ נישט געקאָנט דאָס אמתע פּרצוף פון די דייטשן, נישט געוואוסט וועגן זייערע פּלענער כלפּי יידן, צי וועלן זיי אונדז געבן אַ מעגלעכקייט אָפּצואָטעמען, אָדער וועט זיך שוין אָנהייבן דאָס גהינום. די ידיעות פון לעמ־בערג, פּושעמישל און אַנדערע שטעט זענען געווען ווייט פון צו זיין אָפּטימיס־טישע. דאָרט האָט מען געכאַפּט צופעליקע דורכגייער באַלד אין ערשטן טאָג פון דער אָקופּאַציע, זיי אַרויסגעפירט הינטער דער שטאָט און דערשאָסן.

אַרום ניין אַזייגער אינדערפרי האָבן די קריסטלעכע יוגנטלעכע זיך פאַר־זאַמלט אויפן מאַרק, פון דאָרט זיך אַריינגעריסן אין דער נייער געגנט פון שטאָט, וווּ ס'האָט געוווינט די מערהייט יידן. אַ טייל פון די אַריינדרינגלער האָבן פאַרנומען פּאָזיציעס ביי די וואויגונגס־הייזער אין מאַרק. דערנאָך זענען זיי אַריין אין די בתי־מדרשים, באַפעלנדיק דערביי, אַז יעדער זאָל מיט זיך מיט־נעמען די ביזשוטעריע, גאָלד און זילבער און דאָרט עס אָפּגעבן די דייטשן.

אין דער זעלבער צייט האָט מען שוין געהערט מוראדיקע געשרייען, ווייל די איבערפאַלער האָבן מיט כוח אַרויסגעיאָגט די יידן פון זייערע הייזער און דערביי זיי געשלאָגן. זיי האָבן איינגעאָרדנט אַ בלוטיקע מאַסאַקרע מיט בלויזע שטעקנס, נישט באַנוצנדיק קיין הייס געווער.

די יינגע אוקראַינער האָבן מיט אייזערנע שטעקנס געשלאָגן, טעראָריזירט און דערנאָך אַרויסגעטריבן די איינוואוינער אויף די גאַסן. ס'איז אַנטשטאַנען אַ שרעקלעכע פּאַניק. נישט געווען ווו צו אַנטלויפן, ווייל אַלע וועגן זענען געווען פאַרשטעלט און באַזעצט.

אין יענער צייט בין איך נישט געווען אין שטאָט, נאָר אויף פּאָסטס פעלדער אין פּאָטאָק. אויך דאָרט אַהין זענען צו מיר דערגאַנגען די געשרייען און געוויינען פון די געשלאָגענע יידן. די געשרייען האָבן זיך געטראָגן איבער דער שטאָט ווי אַ שוואַרצער און בייזער וואָלקן. די דאָזיקע מאַסאַקרע האָט אַרומגענומען נישט נאָר די טיילן פון דער שטאָט, ווו ס'האָבן זיך קאָנצענטרירט די יידן, נאָר אויך פון די גאַסן, ווו ס'האָבן געוווינט איינצלנע יידישע פאַמיליעס. בלויז געציילטע יידישע משפחות האָבן נישט דורכגעמאַכט דאָס דאָזיקע בלוטבאָד.

כמעט אַלע יידן האָט מען צונויפגעזאַמלט ביי דער שול. דער פּלאַן איז געווען: אַריינטרייבן אַלע יידן אינעווייניק, פריער צונעמען די ווערטפולע זאַכן, זיי פאַרשליסן אין דער שול און זי אונטערצינדן צוזאַמען מיט די לעבע־דיקע מענטשן.

דערצו איז אָבער נישט געקומען. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ד"ר מעלניק, די אַפּטייקערין הראַבאָוואַ, סטריסקאַ (די פרוי פון אַדוואָקאַט סטריסקי), האָבן

זיך אָפּגערעדט מיטן דייטשישן מיליטערישן שטאָט־קאָמענדאַנט, אַ מאַיאָר, אַז מ׳זאָל וואָס שנעלער „ליקווידירן" אַ טייל יידן פון ראָהאַטין. זיי האָבן נישט געקאָנט פאַרטראָגן, אַז פון מיטוואָך געפינען זיך די דייטשן אין שטאָט און מ׳האָט נאָכנישט אָנגעהויבן צו מאָרדן יידן... דעם מאַיאָר זעלבסט איז געפעלן געוואָרן דער פּלאַן צוזאַמענצוטרייבן אַלע ראָהאַטינער יידן אין שול, צונעמען ביי זיי דאָס גאָלד און זילבער און דערנאָך זיי אונטערצינדן. זיי האָבן דאָס געוואָלט טאָן, איידער די געסטאַפּאָ קומט אין שטאָט אַריין. ווייל אייגנטלעך געהערט דער ענין יידן נאָר צו דער געסטאַפּאָ. נאָר דורך אַ צופאַל האָט מען נישט באַוויזן די יידן צו פאַרברענען לעבעדיקערהייט, מ׳האָט נאָר צוגענומען אַלע ווערטפולע זאַכן. געשען איז עס ביי פאָלגנדיקע אומשטענדן:

אין שפּיטאָל האָט געאַרבעט אַ דאָקטאָר, אַ פּליט פון קראָקע, ד״ר פּאַווליגער, וועלכער האָט צופעליק באַגעגנט אין ראָהאַטין זיינעם אַ געוועזענעם אוניווערזיטעט־קאָלעגע, אַ דייטש, וועלכער איז איצט געווען מיליטערישער דאָקטאָר. זייער באַקאַנטשאַפט האָט נאָך געשטאַמט פון ווין, ווו זייביידע האָבן שטודירט. האָט ד״ר פּאַווליגער אים געבעטן אינטערווענירן לטובת די אומגליקלעכע יידן, ווייל ער האָט געוווּסט, אַז די דאָזיקע אַקציע איז בכלל אַן אומלעגאַלע. דער דייטש האָט טאַקע אינטערווענירט ביי די העכערע מיליטערישע אינסטאַנצן, וועלכע האָבן פאַרווערט ווייטערדיקע אַנטי־יידישע רעפּרעסיעס. מ׳האָט אַלע יידן, נאָר אָן דעם צירונג און ווערטפולע זאַכן, אָפּגעלאָזט אַ היים.

### דער יודענראַט

ד״ר מעלניק, באַיקאָוויטש, הראַבאָווא, פּרוי סטריסקאָ און אַנדערע, האָבן זיך באַמיט מ׳זאָל די יידן איינשליסן אין געטאָ, צונעמען ביי זיי דעם מאַרק, געשעפטן, הייזער און פאַרמעגנס. די דייטשן האָבן זיך נישט פאַרנומען מיט די יידישע קאָמוניסטן, אָדער מיט די וואָס האָבן זיי אונטערגעשטיצט. דאָס איז זייער וויכטיק צו באַטאָנען, ווייל דערמיט האָט מען פון דער נישט־יידישער באַפעלקערונג אַרויסגענומען אַ געווער פון זייערע הענט, אַנדערש וואָלטן פיל יידן געמסרט געוואָרן אין דער געסטאַפּאָ. די דייטשן האָבן געוווּסט, אַז די יידן וועלן סיווי אומקומען. איז זיי נישט געווען אַזוי וויכטיק צי זיי וועלן אומקומען אַלס קאָמוניסטן...

אַז די ציווילע מאַכט האָט זיך פאַרפעסטיקט אין שטאָט, האָט מען צונויפגערופן די פאָרשטייער פון דער יידישער קהילה — אַמאַראַנט שלמה, ד״ר גאָלדשטיין, קרייזלער סאַלאָ, ד״ר פריי וואַלד, ד״ר ראָזענשטיין, ד״ר גוטוואָרט, דעם לערער האָכבערג פּיוול, קאַץ מעכל און נאָך אייניקע יידן־פּליטים. דער דאָזיקער יודענראַט האָט באַדאַרפט רעפּרעזענטירן די יידן כלפּי דער שטאָטישער מאַכט און דער געסטאַפּאָ אין סטאַניסלאַוואָוו און שפּעטער — אין טאַרנאָפּאָל. ער האָט אויך געהאַט די אויפגאַבע אָנצופירן מיטן טראַנספּאָרטירן די יידן אין „זייער" געגנט — אין געטאָ. דער יודענראַט האָט אויך באַדאַרפט זאָרגן פאַר דער רו אין געטאָ, אויספירן אַלע קאָנטריבוציע־שטראָפן און אַנדערע באַפעלן.

פאַרשטענדלעך, אַז דאָס איז געווען אַ נישט־ל׳ייכטע אויפגאַבע און דערצו נאָך — אַ גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

ביזן היינטיקן טאָג קאָן איך נישט פאַרשטיין די יידן, וועלכע זענען געווען מיטגלידער פון יודענראַט. כ׳האָב דעם איינדרוק, אַז זיי האָבן זיך נישט אָפּגעגעבן קיין דין־וחשבון פון די היטלעריסטישע צילן. די דאָזיקע יידן האָבן אַוודאי גע־האַלטן, אַז די יודענראַט־מיטגלידער מיט זייערע משפחות וועט נישט דראָען קיין געפאַר, אַז זיי וועלן נישט דאַרפן צאָלן קיין קאָנטריבוציעס, נישט גיין אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז דאָס זענען געווען אומזיסטיקע האָפענונגען. אין אַנדערע שטעט האָט פּאַסירט, אַז די ערשטע האָבן די דייטשן אויפגעהאָנגען דווקא די יודענראַטניקעס. אַזוי איז געווען אין לעמבערג: פאַר אַ געוויסע שולד, האָט מען אויסגעקליבן דעם גאַנצן צוזאַמענשטעל פון יודענראַט און אַלעמען אויפגעהאָנגען אויף דער גאַס, מיט די קעפּ אַראָפּ. איך פּערזענלעך האָב זיך געוואונדערט אויף די יידן, וועלכע זענען געזעסן אין יודענראַט און געווען אין שטענדיקער דיספּאָזיציע־גרייטקייט צו דער געסטאַפּאָ, לאַנדעס־קאָמיסאַר, דייטשישע און אוקראַינישע פּאָליציי. ס׳איז געווען באַוווּסט, אַז די געסטאַפּאָ פון סטאַניסלאַוואָוו איז געקומען קיין ראָהאַטין נאָר דאַן, ווען זי האָט באַדאַרפט מענטשן אין די לאַגערן, נעמען גאָלד, אָדער אַנדערע קאָנטריבוציעס, צי גאָר אויף אַרויסשיקן אין די פאַרניכטונג־לאַגערן.

כ׳האָב אָבער די יודענראַטניקעס אויך באַוואונדערט פאַר זייערע אייזערנע נערוון און געוואַגטקייט, ווייל זיצן און וואַרטן אויפן אָנקום פון דער געסטאַפּאָ, אָדער דאָס בלויזע אַרויסרופן דאָרט, נישט וויסנדיק צו וואָס פאַר אַ צוועק און ציל — איז געווען נישט קיין קליינער באַווייז פון שטאַרקע נערוון.

איך פּערזענלעך האָב געהאַט רעספּעקט פאַר ד״ר פּרייוואַלד און אַמאַראַנטן פאַר זייער געוואַגטקייט צו געפינען זיך אויף יעדן רוף און אויג־אויף־אויג מיט די באַנדיטן.

ווי דערמאָנט, האָבן מיט דער שטאָט רעגירט: דער לאַנדעס־קאָמיסאַר און די זשאַנדאַמעריע, צו וועמענס דיספּאָזיציע ס׳איז אויך געשטאַנען די אוקראַי־נישט פּאָליציי. זיי אַלע זענען געווען אונטערגעאָרדנט דער געסטאַפּאָ, וואָס האָט געהאַט איר זיצאָרט אין סטאַניסלאַוואָוו.

## די יידישע געגנט (געטאָ)

דער נייער וווין־קוואַרטאַל פאַר די יידן האָט איצט אַרומגענומען: פון מזרח-זייט — די צערקווע, די שענק פון האָרן, דאָס געשעפט פון פישער יואל, אַזש ביזן הויז פון די פעלדס און אָרטיק טייכל, איינגעשלאָסן דאָס הויז פון ד״ר צעהנער. פון דרום־זייט — דאָס הויז פון אלתר פּאָוסט, לענגאויס דער בריק זאָלושע, איבערן טייך גנילאַ ליפּאַ. די הייזער פון ה. לאַנג און פון דראָזד, איבערן וואַל און בערגל פון דער שוסטער־גאַס — ביז דער צערקווע. איז אויס־

געקומען, אַז דאָס הויז פון ד״ר מעלניק האָט זיך געפונען אינערהאַלב דעם געטאָ און ער זעלבסט האָט געהאַט אַ רעכט דאָרט צו וווינען — דער איין־און־איינציקער קאַטאָליק צווישן יידן, ווייל אַזוי ווייט איז ער געווען פריווילעגירט ביי דער מאַכט. אַלע אַנדערע נישט־יידן, וועמענס הייזער האָבן זיך געפונען אויפן שטח פון אויסגעטיילטן געטאָ, האָבן פון דאָרט זיך געמוזט אָפּטראָגן.

דאָס געטאָ האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ נייע שטאָט. דער ערשטער אַריינגאַנג אַהין האָט זיך געפונען צווישן דער צערקווע און שענק פון הארן; דער צווייטער אַריינגאַנג — ביים הויז פון אלתר פאָוסט. דער דריטער אַריינגאַנג — הינטערן הויז פון דעמזעלבן פאָוסט, דורכן וועג וואָס פירט קיין זאַלוזשע.

ביי די דאָזיקע אַריינגענג זענען געווען ראָגאַטקעס, באַוואַכט דורך יידישע פּאָליציאַנטן. זיי האָבן אויפן לינקן אָרבל געטראָגן אַ לעדערנע אָרעמבאַנד מיט אַן אויפשריפט „יידישע הילפסדינסט״. די דאָזיקע אָרעמבאַנד האָט דערוויילאויסגעהיטן דעם יידישן פּאָליציאַנט נישט אַרויסגעפירט צו ווערן אין אַרבעטס־לאַגער. דעריבער האָבן יונגע יידישע ייִנגעלייט געגרן געוואָלט אַריינטרעטן אין דער געטאָ־פּאָליציי, כדי אויסצומיידן אומאַנגענעמלעכקייטן. געווען אָבער אויך ציימן, אַז אפילו די אָרעמבענדער האָבן נישט פאַרהיטן די יונגע מענטשן פון טויט ביי אומגעריכטע אַקציעס און ביים ענדגילטיקן ליקווידירן דאָס געטאָ זענען די ערשטע דערשאָסן געוואָרן די יידישע פּאָליציאַנטן.

אַז די גרענעצן פון געטאָ זענען באַשטימט געוואָרן און דער יודענראַט — קאָמפּלעטירט, האָט זיך אָנגעהויבן אַ פיבערהאַפטע איבערטראַנספּאָרטירן אַהין די יידן פון אַנדערע גאַסן. די דייטשן האָבן געהאַט אַן אינטערעס וואָס שנעלער אַדורכצופירן די אַקציע — און דאָס צוליב צוויי טעמים: דער קאָמענדאַנט האָט וואָס פריער געוואָלט ראַפּאָרטירן דער געסטאַפּאָ, אַז אין ראָהאַטין איז דאָס געטאָ אַ געשעענער פאַקט און אַז די רעשט טיילן פון שטאָט זענען „יודענריין״; צווייטנס, דורך אַזאַ שנעלער אַריבערפירונגס־אַקציע, האָבן יידן איבערגעלאָזט זייערע פאַר־מעגנס, מיט וועלכן די דייטשן, אוקראַינער און פּאָלאַקן האָבן זיך געטיילט.

דאָס געטאָ האָט נישט געקאָנט אַריינגעמען אַלע יידן פון גאַנץ ראָהאַטין. האָבן אין יעדן צימער זיך געמוזט צונויפדרענגען צוויי פאַמיליעס. וועגן אַ קיך צי אַנדערע באַקוועמלעכקייטן איז אַפילו נישט געווען וואָס צו ריידן. נישט געווען קיין אָרט ווו אַוועקצושטעלן מעבל. האָט מען עס איבערגעלאָזט אין די פריערדיקע הייזער, אויסער דעם געטאָ. יידן זענען געווען צופרידן, אַז מיט קליינע קלימעקלעך האָט מען זיך געקאָנט איינאָרדענען מיט די קינדער און געפינען פאַר זיי אַ ווינקל. אַזאַ וווינונגס־ענגשאַפט האָט גלייך געשאַפן אַנטי־סאַניטאַרע באַדינגונגען. אין יענע צייטן האָט נאָכנישט עקזיסטירט אַזאַ מיטל קעגן לייז און ווערים, ווי ד.ד.ט. געגנוג געווען די ערשטע אָנשטעקונג, אַז ס׳זאָל אין געטאָ זיך פאַרשפּרייטן אַן עפּידעמיע. די ענגשאַפט אין געטאָ איז נאָכמער פאַרשטאַרקט געוואָרן, ווייל די יידן פון די אַרומיקע דערפער (טשערטשע, פּאָטאָק, באַבינצע, זאַליפּיע און פּאָדקאַ־מין), האָט מען אויך אַריינגעשטופּט אין אונדזער געטאָ.

דאָס אָרגאַניזירן געטאָס האָט געהאַט פאַר די דייטשן פאָלגנדיקע צילן:

1. אָפּטיילן די יידן פון דער אַרישער באַפעלקערונג.
2. אָפּטיילן די יידישע הייזער מיט די פאַרמעגנס פון זייערע אייגנטימער.
3. קאָנצענטרירן אַלע יידן צוזאַמען, אויף אַ קליינעם שטח.
4. שאַפן אַזעלכע אַנטי־סאַניטאַרע באַדינגונגען, אַז די עפּידעמישע קראַנק־הייטן זאָלן אין אַ קורצער צייט אומברענגען די געטאָ-איינוווינער.
5. שאַפן באַדינגונגען פון הונגער און נויט, כדי די יידן זעלבסט זאָלן זיך קעגנזייטיק אַרומרייסן.

די אויפזיכט־ און אויספיר־אינסטאַנץ אין געטאָ איז געווען — דער יודענ־ראַט, וואָס איז געשטאַנען בראש פון דער יידישער געגנט און געווען פולשטענדיק אונטערגעוואָרפן דעם לאַנדעס־קאָמיסאַר און דער געסטאַפּאָ, וואָס האָט אין אָנהייב געהאַט איר זיצאָרט אין סטאַניסלאַוואָוו. זי פלעגט זיך ווענדן צום יודענראַט דירעקט, אָדער דורך דער פאַרמיטלונג פון דער אָרטיקער זשאַנדאַרמעריע, אָדער גאָר אַרויסרופן דעם פאָרזיצער צו זיך, כדי אים מעלדן די נייע פאַראָרדענונגען. כדאי אונטערצושטרייכן, אַז נאָר אין ענינים פון געלט־קאָנטריבוציע האָט מען זיך אויף אַזאַ אופן געווענדעט צום יודענראַט. דאַקעגן אין אַנדערע פאַלן, ווען מ׳האָט באַדאַרפט אַדורכפירן ספּעציעלע אַקציעס, האָט עס די געסטאַפּאָ אַליין דורכגעפירט, קומענדיק אומגעריכט אין געטאָ, מיט געהעריקער באַוואָפענונג.

### יידישע פאָליציי

בראש פון יודענראַט איז געשטאַנען אַן „אָבמאַן״ — אַ מין פאָרזיצער, אָדער „עלטעסטער דער יודען״, וועלכער האָט געהאַט אַ צאָל אַסיסטענטן־געהילפן אַלס אויספיר־קאָמיטעט. געווען אויך די יידישע מיליץ, בראש פון וועלכער ס׳האָט זיך געפונען דער קאָמענדאַנט. די פאָליציי איז נישט געווען באַוואָפנט מיט הייס געווער. זי האָט געטראָגן קיילעכדיקע היטלען, ענלעך צו די גימנאַזיע־שילער. אויפן היטל איז געווען אַ ברייטע לענטע. אויפן לינקן אָרבל האָט זי געטראָגן אַ ברייטן אָרעמבאַנד מיט דער אויפשריפט: יידישע הילפּסדינסט. זי האָט, ווי געזאָגט, געהאַט געוויסע פּריווילעגיעס: פאָרלויפיק נישט אַרויסגעשיקט צו ווערן אין די אַרבעטס־לאַגערן; מ׳האָט זי נישט גערירט בשעת אַן „אויסזידלונגגס־אַקציע״ און נישט גענומען צו דער אַרבעט; זיי האָבן געקאָנט פריי אַרויסגיין פון געטאָ. דאָס האָט זיי געגעבן אַ מעגלעכקייט צו פאַרזאָרגן זיך מיט לעבנסמיטל אויף דער אַרישער זייט. אָבער זייער אייגנטלעכע אויפגאַבע איז געווען: צו העלפן דער געסטאַפּאָ אין אַלע אַקציעס.

פון דער צווייטער זייט איז די יידישע פאָליציי געווען אויך נוצלעך פאַרן געטאָ, אויב זי איז פריער געווען אינפאָרמירט וועגן אַ פאָרשטייענדיקער אַקציע (אַרויספירן אין די פאַרניכטונגס־ אָדער אַרבעטס־לאַגערן), האָט זי וועגן דעם אויף אַ געהיימען אופן צוזויסן געגעבן די געטאָ־איינוווינער, זיי זאָלן זיך באַצייטנס אויסבאַהאַלטן.

ס׳איז געווען אַ סך אָפּהענגיק פון דער אינטעליגענץ, דערציאונג און כאַראַק־טער פון יעדן יידישן פּאָליציאַנט, כדי אורטיילן וועגן זיין פאַרהאַלטן זיך כלפי דער יידישער באַפעלקערונג. אַ טייל פון זיי האָט ערלעך געהאָלפן זייערע פאַר־שלאָסענע ברידער אין געטאָ. און אַ טייל ווידער האָט זיך באַזונדערס שלעכט באַצויגן צו דעם אָרעמען פאָלק.

די אויפגאבן פון דער יידישער הילפס-פּאָליציי זענען אויך געווען אָפּצוהיטן די רו און אָרדענונג אין געטאָ; אַז ס׳זאָל זיין רייך, אַז די יידן זאָלן נישט פאַרלאָזן די גרענעצן פון געטאָ (דאָס איז באַשטראָפט געוואָרן מיט טויט). פאַרשטייט זיך, אַז צוליב דעם איז די יידישע פּאָליציי געווען געצוווּנגען ענערגיש צו האַנדלען, כדי נישט אַרויסרופן אינטערווענצן מצד דער דייטשישער מאַכט.

אין אַלגעמיין איז די ראָהאַטינער יידישע הילפס־פּאָליציי געווען מער־ווייניק אין אָרדענונג.

## די לאַגע פון די יידן אין די דערפער

נאָך לאַנג פאַרן קריגס־אויסברוך, האָט זיך די לאַגע פון די יידן אין די דערפער כסדר פאַרערגערט. זיי האָבן זיך דאָרט פאַרנומען מיט קליינהאַנדל און אויך פאַרמאָגט אַ קליינע ווירטשאַפט, וואָס האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט אויף אַ באַשיידן לעבן. די דאָרפישע נישט־יידישע באַפעלקערונג האָט מיט פאַרשידענע מיטלען באַשווערט דאָס לעבן פון די יידישע איינוווינער און זיי געוואָלט צווינגען צו פאַרקויפן זייערע אָרעמע און לעצטע שטיקלעך באָדן און פאַרלאָזן דאָס דאָרף.

די מער פאַרמעגלעכע יידן האָבן פאַרקויפט זייער האָב־און־גוטס און זיך איבערגעטראָגן אין די שטעטלעך. דאַקעגן די אָרעמע דאָרפס־יידן האָבן דאָס נישט געקאָנט רעאַליזירן, זיי איז שווער געווען זיך איינצואָרדענען אין די שטעט. האָבן זיי מיט אויסערגעוויינלעכן געדולד און אויסדויער איבערגעטראָגן אַלע שיקאַנעס פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג.

מיטן אַריינמאַרש פון די דייטשן, איז די לאַגע פון די דאָזיקע יידן פאַרער־גערט געוואָרן. נישט געווען שוין קיין מעגלעכקייט זיך אויפצוהאַלטן אין דאָרף. נישט וואַרטנדיק אויף באַפעלן, זענען זיי אומבאַמערקטערהייט אַוועק פון דאָרף צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס — און אַריבער אין געטאָ. זיי האָבן ליבערשט געוואָלט זיין אין געטאָ, די געמיינזאַמע נויט, אָדער אפילו טויט, צוזאַמען מיט דער גאַנצער עדה יידן, איז בעסער, איידער די ליידן צווישן די פויערים. אויך די דייטשן האָבן געשטרעבט צו קאָנצענטרירן אַלע יידן אין די געטאָס. אויף אַזאַ אופן זענען די פויערים געוואָרן די אַליין־באַלעבאַטים אין דאָרף, ווייל אויך די דייטשן זענען דאָרט ווייניק געקומען, נישט פאַרמאָגנדיק אַזויפיל זשאַנדאַרמעריע אויף צו באַדינען אַלע ישובים.

## דאָס לעבן אין געטאָ

אין געטאָ האָט זיך גלייך איינגעשטעלט ענגשאַפט און נויט. שוין אין די ערשטע מאָנאַטן האָט מען אָנגעהויבן פילן הונגער. נישט אַלע יידן האָבן געהאַט

וואָס צו פאַרקויפן, כדי אין געהיים זיך איינשאַפן פראָדוקטן. די דייטשן האָבן פאַרווערט די פויערים צו האָבן וועלכע ס׳איז פאַרבינדונג מיטן געטאָ. יידן האָבן נישט פאַרמאָגט קיין פויליש און אויך נישט קיין דייטשיש געלט, ווייל פון דעם 17־טן סעפּטעמבער 1939 ביז יולי 1941, זענען ביי אונדז געווען די סאָוויעטן — און אַלע האָבן נאָר געהאַט סאָוויעטיש געלט, וואָס האָט אינגאַנצן אָנגעווירן דעם ווערט. איבעריקנס, האָט עס קיינער נישט פאַרמאָגט, ווייל די דייטשן האָבן עס איינגעצויגן דורך קאָנטריבוציעס וואָס די יידן האָבן געמוזט צאָלן. די דאָזיקע קאָנטריבוציעס האָבן געהאַט דעם ציל אַרויסצופּאָמפּן פון דער יידישער באַפעל־קערונג אַלע געלט־מיטלען. די פויערים ווידער האָבן נישט געוואָלט פאַרקויפן פאַר געלט, נאָר אויסטוישן זייערע פראָדוקטן אויף מענער־ און דאַמען־גאַרדעראָב.

די יידן איז גאָרנישט געווען אַ שאָד, כדי זיך ראַטעווען פון הונגער און געבן זייערע קינדער אַ ביסל שפּייז. אויף די גאַסן פון געטאָ האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן געשוואָלענע פון הונגער, קראַנקע, מיט פּנימער שוואַרץ ווי די ערד. אין אַזאַ צושטאַנד האָט מען געמוזט גיין צו פאַרשידענע אַרבעטן אויסערן געטאָ — אין די אַמטן, מאַגאַזינען, שאָסייען און אויף דער באַן. קראַנקע און הונגעריקע יידן האָבן פאַר שווערער אַרבעט נישט באַקומען קיין עסן און קיין געלט. מען האָט געטרוימט פון אַ שטיקל ברויט, פון אַ קאַרטאָפל. צוליב דעם האָט אויף די גרענעצן פון געטאָ געבליט דער פאַרבאָטענער האַנדל מיט די פויערים. פאַר אַ שטיקל ברויט האָט מען אַוועקגעגעבן אַלץ, כדי זיך ראַטעווען פון הונגער־טויט.

## קראַנקהייטן און עפּידעמיעס

צוליבן מאַנגל אין שפּייז, אַנטי־סאַניטאַרע וווינונגס־באַדינגונגען און ענג־שאַפט, האָבן אין געטאָ געהערשט שרעקלעכע קראַנקהייטן, באַזונדערס דעזינ־טעריע, בויך־ און פלעקן־טיפוס. די לייז האָבן זיך געמערט, פול געווען אין די בעטן, אויף די טישן, דילן און אפילו אויף די טראָטואַרן. נישט געווען קיין זייף, קיין וואַרעם וואַסער. אויך נישט קיין מעגלעכקייט צו וואַשן וועש און מיט וואָס צו וואַשן. די געטאָ־איינוווינער זענען געפאַלן ווי די פליגן. נישט געווען קיין רעטונג. די אַפּטייק אויף דער אַרישער זייט האָט נישט געוואָלט פאַרקויפן די יידן קיין רפואות.

דער בית־הקברות האָט זיך שנעל פאַרפולט. יידן זענען געשטאָרבן אָן אַ חשבון, אָן סטאַטיסטיק. פון דער נאַטור שוואַכע, האָבן זיי לאַנג נישט געקרענקט. נאָך 2—3 טעג קרענקען, האָבן זיי אויסגעהויכט די נשמות. מ׳פלעגט יעדן טאָג אַרויספירן פולע עגלות אויפן בית־עולם. מ׳האָט קיינעמען נישט באַוויינט און קיינעמען נישט באַדויערט. מ׳האָט נישט געוווסט וואָס בעסער: לעבן און ליידן, אָדער וואָס שנעלער פאַרענדיקן מיט די צרות.

די טיפוס־עפּידעמיע האָט דערגרייכט איר הויכפּונקט אין ווינטער פון יאָר 1942—43. דער יודענראַט האָט, אויף דער פאַראָרדענונג פון דער מאַכט, אויפגע־עפנט אַ שפּיטאָל („נאַטקראַנקענהאַוס״), מיט אַ באַגרענעצטער צאָל בעטלעך, וווּ מ׳האָט אַריינגענומען היימלאָזע און אָרעמע קראַנקע.

איינמאָל, ווען דאָס שפּיטאָל איז געווען איבערגעפּולט מיט קראַנקע, איז פון טאַרנאָפּאָל געקומען דער געסטאַפּאָוויעץ הערמאַן, אַ ווינער, אַריין אין שפּיטאָל, צוזאַמענגענומען דעם דאָקטוירים־פּערסאָנאַל, די קראַנקן־שוועסטערס, די פלעגערינס (צווישן זיי — דעם ד״ר צעהנער), דערשאָסן די קראַנקע אויף די בעטן, דערנאָך — דעם פּערסאָנאַל. געהייסן דעם יודענראַט אַפּרוימען די טויטע און ווייטער אויפנעמען קראַנקע.

## דער פּאָגראָם אין סטאַניסלאַוואָוו

ראש השנה 1941, האָט די געסטאַפּאָ אין סטאַניסלאַוואָוו, צוזאַמען מיט דער דייטשישער זשאַנדאַרמעריע, אוקראַינישער און פּוילישער געהילפס־פּאָליציי, צוזאַמענגעקליבן אויפן בית־עולם ביי אַ זעקס טויזנט יידן — מענער, פרויען און קינדער — און זיי אַלע אויסגעשאָסן.

די דאָזיקע ידיעה האָט ביז דער טיפעניש אויפגעטרייסלט די יידן אין די געטאָס. אויך די אַרישע באַפעלקערונג איז באַפאַלן אַ פחד, ווייל דערמיט האָבן די דייטשן אַנטדעקט זייער אמתן פּרצוף און באַוויזן צו וואָס זיי זענען פעיק. וואָס אַן אמת, האָט די קריסטלעכע באַפעלקערונג אַרויסגעוויזן צופרידנקייט מיטן אויסראָטן די יידן, אָבער גלייכצייטיק האָט זי אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אייגענעם גורל. וואָס וועט זיין נאָכן אומברענגען אַלע יידן — צו וועמען וועלן זיך דאַן נעמען די דייטשן ?

נאָכן דאָזיקן פּאָגראָם, האָבן די יידן פאַרשטאַנען, אַז דאָס געטאָ איז נישט אויפגעשטעלט געוואָרן אויף אָפּצוטיילן די ידישע באַפעלקערונג פון דער נישט־יידישער, אָדער מ׳זאָל ביי זיי קאָנען צונעמען די פאַרמעגנס. דאָס געטאָ איז באַשאַפן געוואָרן, כדי דער געסטאַפּאָ זאָל זיין לייכטער אומצוברענגען אירע איינוווינער. פון יענעם אומגליק, פלעגן יידן אויפציטערן, ווי נאָר זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז די געסטאַפּאָ פון סטאַניסלאַוואָוו איז געקומען אין שטאָט אַריין, הגם נישט שטענדיק פלעגט זי צו אונדז קומען מיטן ציל צו הרגענען. גאָר אָפט פלעגט זי קומען אין אַדמיניסטראַטיווע ענינים. אָבער שטענדיק — צום יודענראַט, כדי אים דערלאַנגען אַ רשימה פון זאַכן, וואָס מ׳דאַרף צושטעלן, ווי : גאָלד, זילבער, פוטערוואַרג, דיוואַנעס אדג״ל.

נישטאָ געווען קיין זין אויסצובאַהאַלטן די אַלע זאַכן, סיידן וועט זיי שוין קיינער נישט באַנוצן. האָט טאַקע פּאַסירט, אַז ווי נאָר דער יודענראַט האָט פאַרעפנטלעכט אַ רשימה פון זאַכן וואָס די געסטאַפּאָ פאָדערט, האָט מען זיי גאַנץ שנעל אויפגעזאַמלט.

די געטאָ־יידן האָבן אָנגעהויבן אויפצונעמען דאָס אומגליק אין גאַנצן פאַרנעם. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז נישטאָ קיין האָפענונג אויף עמעצנס הילף. ווייל אויסער די דייטשן, האָט מען נאָך צו טאָן מיט אָרטיקע שונאים, וועלכע וואַרטן אויפן מאָמענט, אַז די גאַנצע געגנט זאָל ווערן „יודענריין״.

## פעסימיסטן און אָפּטימיסטן אין געטאָ

ווען דאָס אומגליק האָט דערגרייכט יעדן געטאָ־איינוווינער; ווען קראַנקהייטן האָבן געטראָפן יעדער שטוב און פאַמיליע; ווען מענטשן זענען מיט געשוואָלענע פיס, אויסגעגאַנגען אין געטאָ פון הונגער; ווען פּאָגראָמען זענען געווען אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג; ווען די דייטשן האָבן אָפּגעהאַלטן נצחונות אויפן מזרח־פראָנט און יידן האָבן שוין אָנגעוווירן יעטוועדע האָפענונג אויף רעטונג — האָבן צווישן די אומגליקלעכע זיך אָנגעהויבן מערן כלערליי אָפּטימיסטן, פאַנטאַזיאָרן, רעאַליסטן, תורה־קענער, מלחמה־סטראַטעגן, געשיכטע־פאָרשער און אָנהענגער פון קבלה. אַ טייל פון זיי האָבן פעסטגעשטעלט, אַז דער וואָס געווינט אין אָנהייב מלחמה, נוצט אויס זיינע בעסטע כוחות באַלד פון ערשטן מאָמענט, ביז ער קומט צום סוף אַן אויסגעשעפּטער, אָן מיליטערישע קאַדרען — און דאַן פאַרשפּילט ער די קריג. אַנדערע ווידער האָבן געבראַכט אַן אַרגומענט, אַז צוליב איר געאָגראַפישער און קלימאַטישער לאַגע, איז רוסלאַנד אומבאַזיגבאַר. די ווינטערן, האַרבסטן און פרילינגן זענען די בעסטע פאַרטיידיקונגס־פּאָזיציעס פון רוסלאַנד. אַלס ביישפּיל האָט מען געבראַכט די געשיכטע מיט נאַפּאָלעאָנס מפּלה, ווי נאָר ער האָט זיך געלאָזט טיפער אין דעם גרויסן לאַנד אַריין. אַנדערע ווידער האָבן פעסטגעשטעלט, אַז די דייטשן פאַרמאָגן נישט אַזויפיל רוי־מאַטע־ריאַלן אויף צו פירן אַזאַ לאַנגע און פאַרשלעפּטע מלחמה.

די רעליגיעזע און תורה־קענער האָבן געגלויבט אין גאָטס וווּנדער. זיי האָבן גאַנצע טעג געבלעטערט די הייליקע ספרים און אויסגעזוכט אַזעלכע שטעלן, ווו ס׳זאָגן זיך פאַר שרעקלעכע קאַטאַקליזמען פאַר דער מענטשהייט, און אין דער ערשטער ריי — פאַר יידן, כדי צו קומען צום אויספיר, אַז אַ טייל יידן וועט זיך דאָך אָפּראַטעווען. דאָס וועלן אָבער זיין יידן, וואָס איינער וועט נישט דערקענען דעם צווייטן — אַזוי וויניק וועלן זיי בלייבן לעבן.

די דאָזיקע האָפענונגען אויף אַ נס האָט מען פונאַנדערגעטראָגן איבער די געטאָס און יידן האָבן געהאַט מיט וואָס זיך צו טרייסטן, אַז טראָץ אַלעמען וועט מען זיך ראַטעווען פון דייטשישן גיהנום. דאָס האָט פאַר אַ סך געדינט אַלס אַ שטראַל פון האָפענונג און דערוואַרטונג אויף אַ מעגלעכן נס.

מ׳האָט זיך אָנגעהויבן איינהאָרכן אין די ידיעות פון די פראָנטן. טראָץ דער פאַרשלאָסנקייט אין געטאָ און אָפּגעזונדערטקייט פון דער אַרומיקער וועלט, זענען דאָך אַהין דערגאַנגען געוויסע ידיעות וועגן דער לאַגע אויף די פראָנטן. פון צייט צו צייט פלעגט קומען אין געטאָ באַזוכן זיינע אַלטע באַקאַנטע (און איצט — שטאַרק קראַנקע), דער אַלטער ד״ר רונגע, אַמאָליקער פּאָוויאַטאָווע דאָקטאָר, וועלכער האָט איבערגעגעבן ידיעות וועגן די מפּלות פון די דייטשן אויפן מזרח־פראָנט. דאָס האָט געווירקט ווי אַ גוטע רפואה פאַר אַ קראַנקן. ווידער האָט אין געטאָ אויפגעלעבט דער גלויבן אין אַ נס. דאָס האָט די יידן געגעבן מוט און אויסדויער צו פאַרטיידיקן זיך קעגן אַלע פורעניותן און קראַנקהייטן. אפשר וועט מען פאַרט אויסהאַלטן און זיך דערוואַרטן אויף דער שעה פון באַפרייאונג!! מ׳דאַרף נאָר נישט פאַלן ביי זיך; נישט אונטערגעבן זיך דער פאַרצווייפלונג, זיך פאַרטיי־

דיקן קעגן הונגער, טיפוס און דעזינטעריע. מ׳דאַרף נאָר אויסהאַלטן, פאַרלענגערן דאָס לעבן און — דערלעבן ביז דער באַפרייאונג.

די היטלעריסטישע מפּלה אין סטאַלינגראַד האָט אַריינגעהויכט אַ נייעם אָטעם אין די געטאָס, דערוועקט אַ האָפענונג צו דערלעבן די באַפרייאונג. מ׳האָט געמיינט, אַז צוליב דער דאָזיקער מפּלה וועלן די דייטשן אפשר אויפהערן צו מאָרדן יידן; זיי וועלן דערצו נישט האָבן קיין צייט, קיין קאָפּ און וועלן דערווייל אונדז לאָזן צורו. געשען איז אָבער אינגאַנצן אַנדערש.

## די באַציאונג פון פּאָלאַקן און אוקראַינער צו יידן

ווען פּוילן איז געוואָרן אָקופּירט דורך די דייטשן, האָבן די פּאָלאַקן פאַרגעסן אין זייערע אייגענע נאַציאָנאַלע צרות און ווייטער געטרוימט וועגן אַ פּוילן אָן יידן. אַפילו ווען די יידן זענען שוין געווען פאַרשלאָסן אין די געטאָס און לאַגערן, האָבן זיך די פּאָלאַקן נישט באַרואיקט און געוואַרט אויף דעם מאָמענט, אַז מ׳זאָל אויסמאָרדן אַלע יידן. אויף אַן אַקטיוון און פּאַסיוון אופן האָבן זיי געהאָלפן כאַפּן יידן אויף די וועגן, וועלדער און אין אַנדערע באַהעלטענישן. דער ייד האָט קעגן זיך געהאַט דריי שונאים וואָס האָבן געלויערט אויף זיין לעבן.

דאָס זעלבע האָבן געוואָלט די אוקראַינער, הגם פון זייער אייגענעם קוק־ווינקל. זיי האָבן געשטרעבט צו אַן אוקראַינע, ריין פון מינדערהייטן. אַ גאָר קליינער פּראָצענט פון דער פּוילישער און אוקראַינישער באַפעלקערונג האָט געהאָלפן די געיאָגטע יידן. ווער ס׳האָט דאָס געטאָן פאַר געלד, ווער — צוליב רעליגיעזע טעמים און אַנדערע האָבן געוואָלט ראַטעווען זייערע גוטע יידישע פריינד. אויב אַן אוקראַינער אָדער פּאָליאַק האָט געהאָלפן אַ יידן זיך אויסבאַ־האַלטן, אָדער אַנטלויפן — האָט ער עס געטאָן אין דער גרעסטער געהיימניש. אַז קיינער זאָל וועגן דעם נישט וויסן. טיילמאָל האָט אַפילו זיין אייגענע פאַמיליע, באַזונדערס די קינדער, נישט געטאָרט וועגן דעם וויסן. מ׳האָט זיך באַדאַרפט אויסהיטן פאַר דער מאַכט, פאַר שכנים, פאַר באַקאַנטע.

די דייטשן האָבן געוווּסט, אַז די קריסטלעכע באַפעלקערונג איז קעגן אונדז. דעריבער האָבן זיי געהאַט אַ פאַרלייכטערטע אויפגאַבע אין דער יידן-אויסראָטונג. זיי האָבן נישט באַדאַרפט באַנוצן קעגן אונדז קיין סך מיליטער און זשאַנדאַרמעריע. זיי האָבן גאַנץ גוט געוווּסט, אַז דאָס וואָס זיי אַליין וועלן נישט באַוויזן צו טאָן קעגן די יידן, וועט דאָס טאָן די קריסטלעכע באַפעלקערונג.

די פּאָליאַקן און אוקראַינער האָבן זיך געריכטעט לויטן פּאַראָל — נישט העלפן קיין יידן! זיי האָבן זיך באַמיט אויסצונאַרן פון די יידן דאָס לעצטע ביסל גאָלד, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, כדי די דייטשן זאָלן פון די אומגליקלעכע אַרויסבאַ־קומען וואָס ווייניקער.

געווען אויך אַזעלכע וואָס האָבן געהאַלטן פון „נישט שטערן און נישט העלפן".

האָבן יידן נישט געאיילט זיך צו אַנטלויפן פון זייער פאַרשלאָסנקייט, ווייל זיי האָבן געוווּסט, אַז אויסער די געטאָ־מויערן, וועלן זיי אומקומען פון אַן

ערגערן טויט, ווי פון די דייטשן. די לעצטע האָבן געמאָרדעט די יידן מיט הייס געוועהר. די ציווילע באַפעלקערונג דאַקעגן האָט נישט געטאָרט זיך באַנוצן מיט הייס געוועהר. האָבן זיי די יידן, וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין זייערע הענט, געמאָרדעט מיט העק, אייזערנע דרענגער. און אויב ס׳האָט זיך עמעצן איינגעגעבן צו אַנטלויפן אין וואַלד אַריין, איז ער דאָרט אויסגעגאַנגען פון הונגער. געווען אַ גרויס געפאַר צו דערנענטערן זיך צו אַ דאָרף און בעטן עסן, ווייל די פויערים פלעגן דעם אומגליקלעכן הרגנען אויפן אָרט, אָדער אים איבערגעבן דער זשאַנדאַרמעריע.

יעדער ראָהאַטינער ייד האָט געהאַט זיינעם אַ באַקאַנטן פּאָלאַק צי אוקראַינער, וואָס פלעגן פון צייט צו צייט העלפן מיט אַ ביסל שפּייז צי אַנדערע זאַכן די פאַרשפּאַרטע אין געטאָ. אמת, דאָס איז נישט געטאָן געוואָרן אומזיסט, נאָר פאַר אָנטועכץ צי שטוב־זאַכן אין וועלכע די יידן האָבן זיך גישט געניי־טיקט אין די נייע באַדינגונגען. עס פלעגט אויך פּאַסירן, אַז אַן אוקראַאינער צי פּאָלאַק פלעגט נעמען צו זיך אין נאָענטן דאָרף אַ ייד, צי זיין גאַנצע פאַמיליע און דאָרט אויסבאַהאַלטן בעת „לאַפּאַנקעס" און אַקציעס. געווען אויך גוטע אוקראַאינער וואָס האָבן געהאָלפן יידן אין אַן עת־צרה — און געווען אויך אויסוורפן וואָס האָבן געלויערט אויפן יידס לעבן און נאָך מערער — אויף זיין פאַרמעגן.

### די באַשפּייזונג אין געטאָ

דאָס דערנערן די געטאָ־באַפעלקערונג איז געלעגן אין די הענט פון די אַרומיקע פויערים. די דייטשן האָבן בכלל נישט פאַרנומען זיך מיט די אַפּראָוויזאַציע־ענינים פון געטאָ. זיי האָבן אין האַרבסט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָר־דענונג, אַז די יידן איז פאַרבאָטן צו פאַרקויפן לעבנסמיטל — און ווער עס וועט עובר זיין אויף דעם פאַרבאָט, וועט שטרענג באַשטראָפט ווערן. דאָס האָט געמיינט אויסהונגערן דאָס געטאָ, ווייל נאָכן פאַרלאָזן פון די סאָוויעטן און דעם אַריינמאַרש פון די דייטשן, זענען קיין שפּייז־זאַפּאַסן נישט געווען בנמצא. אויך קיין געלט איז נישט געווען צופיל און דעריבער האָט מען די גאַרדעראָב און ווערטפולע זאַכן אויסגעטוישט אויף פּראָדוקטן, גרינוואַרג, ברויט. די פויערים ווידער האָבן יאָ געהאַט פּראָדוקטן צום פאַרקויפן און זיי האָבן זיך שטאַרק געניי־טיקט אין הלבשה. פלעגן זיי יעדן טאָג צוקומען צו די אַריינגענג פונעם אָפּגע־שלאָסענעם געטאָ און דאָרט פירן דעם טויש־האַנדל. די געפאַר איז געווען גרויס, עס האָט געדראָט צו פאַרלירן דאָס לעבן סיי דעם ייד, סיי דעם פויער, אויב אַ דייטשישער זשאַנדאַרם האָט זיך אָנגעשטויסן אויף דעם פאַרבאָטענעם האַנדל. די בויט און הונגער זענען אָבער געווען שטאַרקער פון די היטלעריסטישע פאַר־באָטן און יעדן טאָג פלעגט אַ טייל געטאָ־איינוווינער, די וואָס האָבן דערצו געהאַט אַ מעגלעכקייט, געקויפט ביי די פויערים לעבנסמיטל.

מען דאַרף מודה זיין, אַז אויך מצד די פויערים איז עס געווען אַ העלדנטאַט צו ברענגען פּראָדוקטן נאָענט פון געטאָ. די דאָזיקע האַנדלונג האָט אויך גורם געווען דערצו, אַז די יידן זענען דאָך נישט אַזוי שנעל אויסגעהונגערט געוואָרן אין דעם אָפּגעשלאָסענעם קוואַרטאַל. וואָלטן די פויערים נישט ריזיקירט, וואָלט

אין אַ קורצער צייט געשטאָרבן פון הונגער דער גרעסטער טייל געטאָ-איינ־וווינער.

דאָס איינשאַפן זיך פּראָדוקטן ביי די פּויערים וואָלט ווייט נישט גענוג געווען צו דערנערן דאָס גאַנצע געטאָ. האָבן די יידישע פּאָליציאַנטן און פלינקע יידישע יונגעלייט זיך אַרויסגעלאָזט יעדע נאַכט אויסער דעם געטאָ און פון אַנדערע טיילן שטאָט צי פון די דערפער אַריינגעשמוגלט פּראָדוקטן אין געטאָ. עס זענען שוין געווען סטאַבילע קריסטלעכע צושטעלער פון פלייש, מעל, קאַשעס און מילכ־וואַרג וואָס האָבן אָנגעגרייט פאַר די „נאַכט־סוחרים" די אַלע פּראָדוקטן. נישט געקוקט אויף דער טויט־געפאַר, איז דער דאָזיקער אומלעגאַלער האַנדל און שמוגל געפירט געוואָרן אין גרויסן מאָסשטאַב. אפילו קוילן און האָלץ צום הייצן האָט מען געליפערט אין געטאָ אַריין; ברעטער און בוי־מאַטעריאַלן צו באַזאָרגן זיך מיט בונקערס; אויך ראַדיאָ־אַפּאַראַטן האָבן אומלעגאַל איבערגעוואַנדערט אין געטאָ, ווייל מען האָט געוואָלט וויסן די נייעס פון פראָנט. פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ אַפּאַראַט איז געווען פאַרבאָרגן ערגעץ אין אַ קעלער. עס האָבן זיך געפונען פּאָלאַקן און אוקראַינער וואָס האָבן אַפילו ריזיקירט מיט פאַרקויפן אין געטאָ רעוואָלווערן און קוילן. ווער עס האָט דאָס געטאָן פאַר געלט, ווער — אויס אַ טובה זיינעם אַ באַקאַנטן יידן, אָבער אַדאַנק דעם איז אויך אָנגעקומען געווער אין געטאָ. אויך די נישט־יידישע באַפעלקערונג האָט געפילט אינסטינקטיוו, אַז אויך זיי מיינט מען, אַז די היטלעריסטישע מאָרד־מאַשין וועט אין אַ שפּעטער־דיקער תקופה דערגרייכן צו זיי. האָט מען געוואָלט סיי די יידן העלפן, סיי האָבן אייגננוצן.

ביים סוף פון קריג האָבן די פּאָלאַקן און אוקראַינער שוין גרינגעשעצט די דייטשישע פאַראָרדענונגען און זיי האָבן אפילו אָנגעהויבן אָפן אַרויסצווייזן שנאה און פאַראַכטונג דעם פרעמדן אָקופּאַנט. באַזונדערס האָבן די אוקראַינער געוווסט, אַז אַ דייטש וואָלט געגרן צו זיי געשאָסן ווי צו די יידן, ווען ער האָט נאָר אויף דעם אַ באַפעל.

מען דאַרף אונטערשטרייכן, אַז די עלטערע פּאָליאַקן צי אוקראַינער, די באַלעבאַטים פון שטעטל, האָבן אַרויסגעוויזן פיל מיטליד דער יידישער באַפעל־קערונג און אַפילו גרייט געווען צו העלפן, נאָר די מורא פאַרן דייטש האָט זיי אָפּגעהאַלטן פון אַרויסווייזן מענטשלעכקייט. די פּויערים ווידער וואָס האָבן יאָ אַריינגענומען צו זיך אַ יידן אויף איבערנעכטיקן, צי געבן אָפּצועסן אָדער אויס־באַהאַלטן אַ שטיקל צייט, האָבן עס דער עיקר געטאָן אויס רעליגיעזע מאָטיוון, אויס מורא פאַר גאָט...

## דער „שוואַרצער פרייטיק"

(20 מערץ 1942)

יענעם טאָג זענען 70% פון די געטאָ־איינוווינער אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשן און זייערע געהילפן. די גאַנצע אַקציע האָט געדויערט איין טאָג (פון באַגינען ביז 5 פאַרנאַכט). אַלע זענען באַגראָבן געוואָרן אין ברידער־קבר אויפן פּוטיאַצינצער וועג, נאָך דער באַן־סטאַציע.

נישט אָנגעבנדיק קיין שום סיבה, האָבן די דייטשן באַפוילן די ראָהאַטינער יידן אויסגראָבן נאָך דער באַן־סטאַציע אַ ריזיקן גרוב פון 50 מעטער די לענג, 5 מעטער די ברייט און אַזאַ טיפקייט. ס׳האָט געהייסן, אַז דער גרוב איז נייטיק אויף אַ ציגל־פאַבריק. ווען דער גרוב איז פאַרטיק געוואָרן, האָט מען ווייטער נישט געאַרבעט. די, וואָס האָבן אים אויסגעקאָפּעט, האָבן דערוויל פאַרגעסן אָן אים.

נאָך אַ שטיקל צייט, ווען די געמיטער אין געטאָ האָבן זיך געהאַט באַרואיקט און אין דער גאַנצער געגנט האָט מען נישט געהערט וועגן פאַרפאַלן אָדער פּאָגראָמען, זענען דעם דערמאָנטן פרייטיק פרי אָנגעקומען קיין ראָהאַטין געסטאַ־פּאָוצעס פון סטאַניסלאַוואָו, בראש מיטן געסטאַפּאָ־גענעראַל קריגער. זיי האָבן פאַרבלאָקירט דאָס גאַנצע געטאָ, שטילערהייט אַריין אינעווייניק, די יידן זענען רואיק געשלאָפן, נישט ריכטנדיק זיך אויף גאָרנישט. מיטאַמאָל האָט זיך דער־הערט אַ קלאַפּן מיט די ביקסן־קאָלבעס אין די פענצטער און טירן — און געשרייען: „יודען, הערא‏ּוס!״ מיט קלעפּ און זידלערייען האָט מען אַרויסגעיאָגט די פאַרשלאָפענע איינוואוינער אויפן מאַרק. קיינער איז נישט געשוינט געוואָרן. אַלטע לייט, פרויען, קינדער און קראַנקע. אַלע זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן אויפן פראָסט און געמוזט שטיין האַלב־נאַקעט. דאָס האָט אַזוי געדויערט ביז 10 אינדערפרי. דערנאָך האָט מען אַלעמען געהייסן זיך אויסלייגן אויף דער ערד, מיטן פּנים אַראָפּ, נישט קוקן אויף קיינעמען. ווער ס׳האָט דעם דאָזיקן באַפעל נישט אויסגעפירט — איז אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן. ווער ס׳האָט פּרובירט אַנטלויפן, האָט אים דערגרייכט אַ קויל.

דאַן האָט מען אָנגעהויבן אויפלאָדן די פאַרהאַלטענע יידן אויף לאַסט־אויטאָס און זיי אַרויספירן צו די אויסגעגראָבענע גריבער. דאָרט האָט מען די אַרויסגע־פירטע אָוועקגעשטעלט ביים ראַנד פון גרוב. 8 באַוואָפנטע דייטשן האָבן צו זיי געשאָסן — און די טויטע קערפּערס זענען אַריינגעפאַלן אין גרוב. אויך די נישט־דערשאָסענע און נאָך לעבעדיקע. זיי האָט צוגעדעקט אַ נייע שיכט פון דערשאָסענע.

פאַר דער עקזעקוציע האָט מען אַלעמען אויסגעטאָן, געהייסן אָפּגעבן די ווערטפולע זאַכן. נאַקעטע זענען זיי אָוועקגעשטעלט געוואָרן צום דערשיסן. דאָס האָט געדויערט ביז פאַרנאַכט. ווען דער קלויסטער־זייגער האָט אויסגעקלונגען פינף, האָט מען אויפגעהערט צו שיסן און די לעבן־געבליבענע, אַפילו שוין נאַקעטע, נאָר ווייטער פון גרוב, האָט מען געהייסן אַהיימגיין. 3000 דערוואַקסענע און 600 קינדער זענען יענעם פרייטיק אויסגעמאָרדעט און באַגראָבן געוואָרן אין דערמאָנטן ברידער־קבר.

אַ שיין 18־יאָריק מיידל, אַ פליטה פון דייטשלאַנד, איז ביי דער דאָזיקער עקזעקוציע געטראָפן געוואָרן איןביידע פיס און אַריינגעפאַלן אין קבר. זי איז געבליבן לעבן און נישט אָנגעווירן קיין סך בלוט. ביינאַכט האָט זי מיט גרויס אָנשטרענגונג זיך אַרויסבאַקומען פון קבר און זיך אומגעקערט אין געטאָ. דורך אַ צופאַל האָט די דייטשישע זשאַנדאַמעריע זיך דערוווּסט וועגן דעם. זי איז

געקומען אין געטאָ, געפּאָדערט פון יודענראַט אַרויסגעבן דאָס מיידל. זי איז דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט.

(מיין פרוי גרינע דערמאָנט זיך נאָך, אַז יענעם שרעקלעכן טאָג, דעם 2־טן מערץ 1942, איז דער 20־יאָריקער אַנשל ראָזענשטיין, זון פון מאיר, דערשאָסן געוואָרן, ווייל ער איז פון הויפּט־וועג אַרויפגעגאַנגען אויפן טראָטואַר. דבורה הויזער איז דערשאָסן געוואָרן אין בעט. איר זון ,וואָס האָט זיך באַהאַלטן אין סאַד, איז דאָרט אַנטדעקט געוואָרן דורך די אוקראַינער, וועלכע האָבן אים אַרויסגע־שלעפּט און דערשאָסן).

בלויז 30 פּראָצענט פון די ראָהאַטינער יידן האָט באַוויזן זיך אויסצובאַהאַלטן אויף די ביידעמער און קעלערס. זיי האָבן נאָך געלעבט אַ שטיקל צייט — ביז דער צווייטער אַקציע מיט זעקס חדשים שפּעטער.

## נאָכן 20־טן מערץ 1942

דאָס אומגליק פון די ראָהאַטינער יידן האָט אַרויסגערופן אויפרודערונג אין דער גאַנצער געגנט — בזשעזשאַני, כאָדאָראָוו, סטרי, באָבריק, פּזשעמישלאַני און אַנדערע ערטער. אַ טיפער טרויער האָט איינגעהילט די יידן אין ראָהאַטין און אַנדערע שטעט. די דאָזיקע טראַגעדיע האָט אומדערוואַרט געטראָפן די ראָהאַטינער יידן. אין די געטאָס האָט מען נאָך נישט פאַרשטאַנען, אַז ס'איז נייטיק אויפצושטעלן באַהעלטענישן און בונקערס. די סטאַניסלאַוואָווער טראַגעדיע האָט זיי נאָכנישט אַרויפגעפירט אויפן געדאַנק צו בויען בונקערס, כדי אין פאַל פון אַ געפאַר זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן.

דאָס געטאָ איז געווען כמעט ליידיק. מענטשן זענען אַרומגעגאַנגען ווי צעטומלט און אין די ערשטע טעג נאָך דער אַקציע, נישט געקאָנט זיך אָפּגעבן אַ דין־וחשבון פון דעם וואָס ס'איז פאָרגעקומען. די וואָס זענען איבערגעבליבן, האָבן פאַרלוירן זייערע פאַמיליעס, פרויען, מענער, קינדער, טאַטעס, מאַמעס. זיי האָבן זיך אַרומגעבלאָנקעט ווי אַ צעקלאַפּטע סטאַדע שאָף. יעדער איינער האָט געזוכט נאָענטע, קרובים און באַקאַנטע כדי צוזאַמען וווינען אין איין צימער, זיך אויסוויינען איינער פאַרן צווייטן, הגם קיין טרערן זענען שוין נישט געווען...

מ'האָט זיך געטוליעט איינער צום צווייטן — און אַזוי אַרום זענען אַנטשטאַ־נען נייע פאַמיליע־באַציאונגען. זעלטן, אַז גאַנצע פאַמיליעס האָבן באַוויזן זיך אַפּצוראַטעווען פון דער קאַטאַסטראָפע. ספּעציעל האָט אָפּגעגליקט די, וואָס האָבן געוווינט אויף די הינטערשטע גאַסן פון געטאָ. זיי האָבן נאָך געהאַט צייט זיך אויסצובאַהאַלטן, ווי נאָר זיי האָבן זיך דערוווסט וואָס עס קומט פאָר. און די אַלע וואָס האָבן דאַן פּרובירט צו אַנטלויפן — זענען אומגעקומען אין געטאָ, אָדער אויסער אים. אַזוי זענען יוסף געלבער און נחום לידער אומגעקומען פון די קוילן ביים ברעג פון טייך ליפּאַ. דאָס וואָסער האָט זייערע טויטע קערפּערס אַוועקגעשלעפּט אַזש ביז בורשטין, ווו מ'האָט זיי אַרויסגעצויגן און דאָרט באַגראָבן. ד"ר גאָלד מיכאל איז אומגעקומען אין מאָמענט ווען ער האָט געוואָלט אַריבערשפּרונגען דעם פּלויט פון אַ פּויער.

די דייטשן האָבן ווייטער אָנגעהויבן צו פאַרפולן דאָס אויסגעליידיקטע געטאָ. זיי האָבן אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך זאָלן פאַרלאָזן זייערע וווינונגס־ערטער און זיך אַריבערטראָגן אין ראַהאַטינער געטאָ.

### די תקופה פון בויען „סכראָנעס"

יידן האָבן אָנגעהויבן פאַרשטיין, אַז אויב מען וויל וואָס לענגער אויסהאַלטן אין געטאָ און זיך נישט לאָזן כאַפּן דורך די דייטשן, מוזן זיי אָדער פאַרלאָזן דעם געטאָ־שטח און זוכן אַ באַהעלטעניש אויף דער אַרישער זייט, אָדער אין געטאָ גופא אויסבויען גוטע באַהעלטענישן, ווו מ'זאָל קאָנען איבערזיצן אין פאַל פון אַן אַקציע.

די דאָזיקע „אידעע" האָט אַלעמען באַהערשט.

אין יעדן הויז האָט מען געקאָנט אויפבויען איינעם, אָדער העכסטנס צוויי אַזעלכע „סכראָנעס", ווו ס'האָבן באַדאַרפט אַריינגיין אַלע איינוווינער פון געגעבע־נעם הויז. אין פאַל פון אַ געפאַר, זאָל קיינער נישט אַריינפאַלן אין די דייטשישע הענט און נישט געצוווּנגען ווערן דורך פייניקונגען אויסצוגעבן די באַהעלטעניש פון אַלע.

די אַרבעט האָט געדויערט זייער לאַנג, ווייל מ'האָט געמוזט אָננעמען אַלע פאָרזיכטס־מיטלען. געווען אַ פּראָבלעם פון אַרויסטראָגן די אויסגעגראָבענע ערד, כדי נישט אַרויסרופן קיין פאַרדאַכט. דער „סכראָן" האָט באַדאַרפט האָבן ווענטי־לאַציע, מ'זאָל אין דרויסן נישט הערן אַ הוסט פון אינעוויייניק, אָדער דאָס געוויין פון קינדער. (שפּעטער זענען געווען פאַלן, אַז עלטערע מענטשן און קראַנקע זענען דערשטיקט געוואָרן אין די סכראָנעס צוליבן פעלן פון לופט). צוליב פאָר־זיכטיקייט האָט מען דעם אַריינגאַנג אין בונקער געמוזט איינאָרדענען זייער שמאָל און אומבאַמערקבאַר.

די דייטשן האָבן וועגן דעם אַלעמען געוווּסט — און דעריבער פּלעגן זיי אַזוי איינאָרדענען די „אַקציעס", אַז די געטאָ־איינוווינער זאָלן אומגעריכט אַרומגערינ־גלט ווערן און זיך געפונען אין קלעם. כדי זיך באַוואָרענען קעגן פּלוצימדיקע איבערפאַלן, זענען ביי יעדן הויז איינגעפירט געוואָרן נאַכט־דיזשורן. ווי נאָר מ'האָט דערהערט אַ פאַרדעכטיקע באַוועגונג אויסער דעם געטאָ — האָבן זיי שטלערהייט אַלעמען אַלאַרמירט. אין אַזעלכע פאַלן האָט זיך אַלץ געלאָזט לויפן אין די סכראָנעס. מיט קינדער, עלטערע מענטשן, קראַנקע און שוואַנגערע פרויען, איז געווען שווער שנעל צו פאַרשווינדן אין די „סכראָנעס". נישט איינמאָל האָט פּאַסירט, אַז צוליב זייער נישט־רירעוודיקייט, איז דער „סכראָן" אַנטדעקט געוואָרן. דאָס זעלבע איז געשען, ווען מ'איז שוין געווען אין „סכראָן". די עלטערע מענטשן האָבן אָפּט געהוסט, געקרעכצט און די קינדער — געוויינט.

כדי דאָס אויסצומיידן, האָט מען די עלטערע מענטשן איינגעגעבן באַרואיקנ־דיקע מיטלען און די קינדער — איינשפּריצונגען צום שלאָפן. טיילמאָל האָבן די אַלע מיטלען גורם געווען צו אַ פריצייטיקן טויט. און אויב די מיטלען האָבן אויך נישט געהאָלפן און דאָס קינד האָט זיך נישט באַרואיקט — איז נישט געווען קיין

אַנדערע ברירה, ווי עס דערשטיקן. מ׳האָט דאָך נישט געקאָנט, צוליב אין ווײנענ־דיק קינד, איינשטעלן דאָס לעבן פון גאַנצן „סכראָן״ מענטשן!...

דערווייל איז דאָס לעבן אין געטאָ געפלאָסן מיט דער געוויינלעכער האַרבקייט. די קראַנקהייטן האָבן גורם געווען צו גרויסע פאַרלוסטן. מ׳איז געשטאָרבן מאַסנ־ווייז. צו דער אַרבעט האָט מען יעדן טאָג זיך געמוזט צושטעלן — און אַרויס־מאַרשירן אויף דער אַרישער זייט.

נאָכדעם ווי מ׳האָט אויסגעבויט די „סכראָנעס״, איז נישט געווען קיין גרויסער חשק צו פאַרלאָזן די געטאָ־מויערן און פרובירן זיך ראַטעווען אויף דער אַרישער זייט. זיי האָבן בעסער אָנגענומען דעם ביטערן גורל אומצוקומען אין געטאָ, אָדער אין „סכראָן״, איידער אויף דער אַרישער זייט, וווּ מ׳איז געווען אויסגעשטעלט אויסגעליפערט צו ווערן די דייטשן. יידן זענען אין זייער אַפּאַטיע דערגאַנגען דערצו, אַז זיי האָבן אויפגעהערט צו גלויבן ס׳זאָל זיי געלונגען איבערצולעבן די מלחמה. זיי האָבן געפילט, אַז יעדער איינער איז פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג.

כדאי אונטערצושטרייכן, אַז טראָץ די שווערע לעבנס־באַדינגונגען אין געטאָ, איז דאָך קיינער נישט געשטאָרבן פון אַ האַרץ־קראַנקהייט, אָדער פון אַ נערוון־דערשיטערונג. געווען זייער וויניק פאַלן פון זעלבסטמאָרד. וויזט אויס, אַז אין אונטערבאַוווּסטזיין האָט געטליעט אַ האָפענונג דאָך צו דערלעבן די מפּלה פון היטלערן.

קינדער, יוגנט און זקנים אין געטאָ

אינעם אַלגעמיינעם פּלאַן פון די דייטשן אויסצומאָרדן די יידן, זענען אויפן „ערשטן פייער״ געגאַנגען די אַלטע לייט, קראַנקע און קליינע קינדער. זיי אַלע האָט מען באַטראַכט פאַר נישט־אַרבעטספעיקע און במילא — „אומזיסטיקע עסערס״.

ווי נאָר די דייטשן זענען אַריינגעקומען קיין לעמבערג, האָבן זיי אין קולפּאַרקווו אויסגעמאָרדעט אַ גאַנץ שפּיטאָל מיט גייסטיק־קראַנקע מענטשן. ביי יעדער אַקציע האָבן די רוצחים געפאָדערט פון יודענראַט זיי אַרויסצוגעבן די קראַנקע און קינדער. געווען ספּעציעלע אַקציעס קעגן קראַנקע און קינדער. וואָס אַן אמת, זענען אין ראָהאַטינער געטאָ נישט געווען אַזעלכע ספּעציעלע אַקציעס, ווייל דער יודענראַט האָט זיך טיילמאָל איינגעגעבן איבערצוקויפן די דייטשן, ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט אין אַן אַקציע קעגן קינדער. איבעריקנס, זענען די קראַנקע, אַלטע לייט און קינדער, אין די באַדינגונגען פון געטאָ, אויך נישט געווען אין אַ פּריווילעגירטער לאַגע. מ׳האָט אויף זיי געקוקט ווי אויף אַ שטערונג אין וועג פון די יונגע, וועלכע האָבן פּלאַנירט רעטונגס־אַקציעס, אַנטלויפן פון געטאָ, אָרגאַ־ניזירן פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען — הגם קיין איין פאַמיליע האָט זיך נישט געוואָלט פון זיי אָפּזאָגן. די דאָזיקע אומבאַהאָלפענע נפשות האָבן נישט באַוויזן נאָכצוגיין דעם טעמפּאָ ווי די לאַגע האָט געפאָדערט. האָט מען זיך געמוזט צופּאַסן צו זיי — און דאָס האָט געשטערט אין די באַוועגונגען און באַשלוסן.

די אַלטע לייט און קראַנקע האָבן געוווּסט וועגן דעם, אָבער גאָרנישט געקאָנט העלפן. זיי האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון פון זייער לאַגע.

געווען פאַלן, אַז צוליב עטלעכע קראַנקע און אַלטע, אָדער צוליב אַ וויינענ־דיק קינד, האָבן די דייטשן אַנטדעקט „סכראָנעס" מיט 40—50 מענטשן, וואָס זענען דערנאָך אומגעקומען. יעדער האָט שטאַרק געליבט זיין קינד, זיין אַלטן טאַטן, די אַלטע מאַמען — אָבער די לאַגע איז געווען אַזעלכע, אַז צוליב זיי האָבן גאַנצע משפחות נישט געוואָלט אַראָפּלויפן אין די באַהעלטענישן, זיך לאָזן אין די וועלדער, אָדער זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַ באַקאַנטן קריסט, וועלכער האָט ווידער מורא־געהאַט צו ריזיקירן אַריינצונעמען צו זיך גאַנצע פאַמיליעס מיט קינדער, אַלטע לייט, אָדער קראַנקע.

אַלטע און קראַנקע מענטשן, ווי אויך קינדער, האָבן אין געטאָ געהאַט אַ באַזונ־דערן אויסזען. די אויגן — טרויעריקע, טיף־איינגעפאַלענע באַקן, אָן אַ שמייכל אויף די ליפּן, האַלב־טויטע. זיי פלעגן זיך אַרומשלעפּן איבערן געטאָ — אָפּגע־ריסענע, געשוואָלענע פון הונגער, מיט פאַרשידענע געפּערלעכע און עפּידעמישע קראַנקהייטן. די קינדער האָבן זיך נישט געשפּילט, נאָר זיך אַרומגעשלייכט איבער די גאַסן, געזוכט אין די מיסטקאַסטנס עפּעס צו עסן. דער רוב קינדער איז געווען אַן עלטערן און אָן אויפזיכט.

קינדער אין שול־עלטער האָבן יאָ פאַרשטאַנען די דראָענדיקע געפאַרן און זיך אויפגעפירט אין די באַהעלטענישן ווי דערוואַקסענע. זיי פלעגן שוין אַליין וויסן ווי אַזוי זיך צו פאַרהאַלטן בעת אַ געפאַר. שלעכט איז נאָר געווען מיט די זויג־קינדער, קעגן וועלכע מ'איז טיילמאָל געווען געצוווּנגען אָנצונעמען דראַסטישע מיטלען.

אין ראָהאַטינער געטאָ איז בדרך כלל געווען ווייניק קינדער, ווייל בעת דער מערץ־אַקציע זענען אומגעקומען 600 עופעלעך. אַ סך זענען אויסגעשטאָרבן פון טיפוס, דיזענטעריע, אָדער הונגער. געווען אויך פאַלן, אַז מוטערס, אַנטלויפנדיק בעת אַן אַקציע, זענען אַזוי געווען צעטומלט, אַז זיי האָבן פאַרגעסן מיטצונעמען מיט זיך די קליינע קינדער. די דייטשן האָבן זיי דאַן געפונען — און דערשאָסן אויפן אָרט.

מיט דער גאַנצער זיכערקייט קאָן איך פעסטשטעלן, אַז די עלטערן האָבן זייער ליב געהאַט זייערע קינדער, אפשר מער ווי אין געוויינלעכע צייטן. זיי האָבן אָבער צו זיי נישט געהאַט קיין געדולד, זיך מיט זיי נישט געשפּילט צי אויס־געשמועסט. די קינדער האָבן זיך נישט אָנגעטראָפן אויף אַ שמייכל פון זייערע עלטערן, וועלכע זענען געווען געגנוג דערשראָקן, אויסגעהונגערט.

דאַקעגן די יוגנט וועלכע איז געווען מער פאַרהאַרטעוועט אין לעבן, האָט אין אָט דעם דאָזיקן קאָשמאַר נישט פאַרגעסן זיך צו ליבן. ס'זענען פאָרגעקומען חתונות, מ'האָט אויפגעשטעלט פאַמיליעס. און הגם מ'האָט זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון, אַז דאָס אַלץ איז נאָר אויף אַ קורצער צייט — האָט מען דערפון נישט רעזיגנירט. די נאַטור האָט געפאָדערט אירס. אין אָט די שרעקלעכע באַדינגונגען האָט אַ טייל יוגנט זיך אויך געווילט, פאַרזאַמלט, געטאַנצט, געזונגען און געשפּילט אין קאָרטן. מ'האָט דאָס געטאָן אויך מיטן חשבון, אַז מעגלעך אין אַ מינוט אַרום וועט זיך אַלץ ענדיקן...

## די פרוי און מוטער אין געטאָ

היות דער עלטערער דור האָט געדענקט, אַז בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די באַציאונג פון דער דייטשישער אַרמיי צו די פרויען געווען אַ מער־ווייניק מענטשלעכע, אַ טאָלעראַנטע, מ׳האָט זיי כמעט נישט אָנגערירט — האָט מען געמיינט, אַז דאָס זעלבע וועט אויך געשען אונטער דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע. די דאָזיקע איינרעדעניש האָט זיך נוקם געווען בעת דער מערך־אַקציע. ווי נאָר ס׳איז באַוווּסט געוואָרן, אַז די דייטשן שלעפּן אַרויס די יידן פון זייערע וווינונגען, האָבן זיך די מענער באַהאַלטן, כדי נישט אַרויסגעטריבן צו ווערן אויפן מאַרק. דאַקעגן די פרויען, מוטערס און קליינע קינדער זענען געבליבן אין די וווינונגען. האָט מען זיי אַלע אויסגעהרגעט. צווישן די דריי טויזנט דערוואַקסענע מענטשן, וואָס מ׳האָט יענעם טאָג אויסגעמאָרדעט, האָט זיך געפונען אַ גאָר גרויסער פּראָצענט פרויען און קינדער (נאָך דער מערך־אַקציע זענען איבערגעבליבן פיל מענער, ווען עמעצנס פרויען און קינדער זענען אומגעקומען. האָבן זיי געמוזט זאָרגן וועגן יעדער קלייניקייט און פאַרטרעטן די אומגעבראַכטע פרויען).

די פרויען אין געטאָ האָבן באַדאַרפט זאָרגן וועגן לעבנסמיטל פאַר דער גאַנ־צער פאַמיליע און גיין צו דער אַרבעט אויף דער אַרישער זייט, צוזאַמען מיט די מענער. זיי האָבן געהאַט שווערע אַרבעט אין דער היים, צו ברענגען וואַסער פון ברונעם אָדער פּלומפּ, וואַשן וועש, קאָכן און אַכטונג געבן אויף די קינדער. אויף דער צוואַנגס־אַרבעט האָבן זיי אין דער קעלט און אין הונגער זיך געמוזט אָנשטרענגען, נישט בלייבן הינטערשטעליק פון די מענער. בעת אַן אַקציע, האָבן די פרויען באַדאַרפט קלערן וועגן זיך, וועגן די מענער און קינדער, מיטנעמען אין „סכראָן" עסן פאַר דער גאַנצער משפּחה, ווינדעלעך פאַר די קינדער, וואַסער, דעם גומי־זויגער פאַרן קינד, ווייל אָן דעם איז עס אין „סכראָן" געווען אומרואיק, אָפט געוויינט און אַזוי אַרום פאַראַטן די באַהעלטע־ניש.

אין דער צייט פון אַן עפּידעמיע, איז די מוטער געלעגן צוזאַמען מיט אַלע קראַנקע און קינדער. נישט געווען טיילמאָל ווער ס׳זאָל איר דערלאַנגען אַ טרונק וואַסער, ווייל דער מאַן, אָדער ער האָט שוין נישט געלעבט, אָדער ר׳איז געווען פאַרנומען ביי דער אַרבעט אויף דער אַרישער זייט.

נאָך אַ לאַנגער אָבסערוואַציע האָט מען פעסטגעשטעלט, אַז בעת אַן אַקציע האָבן פרויען זיך פאַרהאַלטן רואיקער ווי די מענער, נישט אַריינגעפאַלן אין היסטעריע. זיי זענען געווען מער קרבנות־גרייט פאַר די משפּחות, ווי די מענער. אין אַ סך פאַלן האָט זייער האַלטונג, גייסטיקע גלייכגעוויכט, אויסגע־רעכנטקייט און געזונטער פאַרשטאַנד, געראַטעוועט די פאַמיליעס פון געפאַרן.

דאָס אויסזען פון געטאָ און זיינע איינוווינער, די באַציאונג
פון קריסט צום ייד אויף דער אַרישער זייט

אין אַלגעמיין קאָן מען פעסטשטעלן, אַז דאָס געטאָ אין ראָהאַטין האָט אויסגעזען ריין. די יידן גופא האָבן פאַרשטאַנען אויפצוהאַלטן די ריינקייט אין געטאָ, בכדי נישט געבן די דייטשן קיין אויסרייד אָנצווווענדן רעפּרעסיעס. אויך דער יודענראַט האָט געמאַכט אַלע באַמיאונגען, אפילו אויסגעטיילט ספּע־ציעלע מענטשן, וועלכע האָבן זיך באַמיט אויפצוהאַלטן די ריינקייט און אָרדע־נונג אין געטאָ.

די מער פאַרמעגלעכע יידן אין געטאָ זענען געווען געקליידעט גענוג אָנשטענדיק און ריין. אַ קעגנזאַץ דערפון איז אָבער געווען די אָרעמערע באַפעל־קערונג. זי האָט געהאַט אַ זייער טרויעריקן אויסזען: אָפּגעריסן, באָרוועס, שמוציק, נישט ראַזירט, הונגעריקע און געשוואָלן, טיף איינגעפאלענע אויגן. זיי האָט שוין גאָרנישט געאַרט, צו אַלעמען איז מען געווען גלייכגילטיק.

די דאָזיקע הונגעריקע און אָפּגעשוואַכטע איז אַפילו נישט אָנגעגאַנגען די נייעס פון די פראָנטן. זיי האָט קודם־כל אינטערעסירט די פראַגע ווי אַזוי צו באַקומען אַ שטיקל ברויט, נישט נאָר אויף צו שטילן דעם הונגער, נאָר אויך אָפּצושטעלן דעם אומאויפהערלעכן ווייטיק פון מאָגן און קישקעס. אין זייער רעזיגנאַציע האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז פאַר זיי איז שוין נישטאָ קיין רעטונג און אויסוועג. די רעליגיעזע צווישן זיי האָבן אפילו אויפגעהערט דאַווענען און בעטן גאָט. גיכער האָבן זיי געהאַט טענות צום רבונו־של-עולם פאַרוואָס ער האָט זיי פאַרלאָזט...

אינעם יידנס אויגן איז געלעגן אויסגעקריצט זיין אומגליק — און ס׳האָט זיך נישט געלאָזט ענדערן זיין אויסזען. דער דאָזיקער אויגן־און־פּנים־סטיגמאַט האָט דעם רוב יידן פאַראַטן אויף דער אַרישער זייט. די אַריער האָבן די פאַרשטעלטע יידן דערקענט נישט נאָר לויט זייער נאָז צי פּנים־אויסדרוק. מ׳פלעגט זיי אַנטדעקן אויף די באַנען און גאַסן, אויסער דעם געטאָ, נאָר צוליב זייערע טרויעריקע אויגן און דעם אומגליק וואָס איז געלעגן אויסגעגאָסן אויף דער פיזיאָנאָמיע פונעם גערודפטן יידן.

דער לעגענדאַרער מלאך־המות האָט זיך אויף שטענדיק באַזעצט אין געטאָ. מ׳איז געשטאָרבן פון הונגער, קעלט, עפּידעמישע און סתם קראַנקהייטן. מענטשן זענען אויסגעגאַנגען ווי ליכט. ספּעציעל — די אַלטע לייט, פולקאָמע סקעלעטן. ווי דערמאָנט, זענען זיי נישט געשטאָרבן פון האַרץ אַטאַקעס, מוח־אויסגוסן, סקלעראָזע צי פון אַ הויכן בלוט־דרוק, מאָגן קראַנקהייטן, צי אַפילו פון אַ ראַק. כמעט נישט געווען קיין פּסיכיש־קראַנקע, מ׳האָט נישט באַקומען קיין נערוון־אַטאַק. יידן האָבן באַקומען געזונטע הערצער און נערוון. ס׳האָט גאָרנישט געפּלאַצט און ס׳האָט זיך גאָרנישט אָפּגעריסן. בלויז דער הונגער און די קויל האָבן געבראַכן דעם שוואַכן יידישן גוף אין געטאָ.

אַ מערקווירדיקע דערשיינונג: אין געטאָ האָט מען נישט באַנוצט קיין

כירורג, מ׳האָט קיינעמען נישט באַדאַרפט אָפּערירן. אויבערפלעכלעך זענען אַלע געוועזן געזונט, געקרענקט האָט מען בלויז... אויף הונגער.

מאָדנע האָט דער ייד אויסגעזען אויף דער אַרישער זייט — און אַזוי אויך האָט אויסגעזען די באַציאונג צו אים מצד דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. יעדן טאָג פלעגן יידן אָפּמאַרשירן אויף דער אַרישער זייט, צו פאַרשידענע אַרבעטן. זייער געפאַלן איז געווען דעם יידס זעלבסטגעפיל, אין אַ סביבה פון אויסגערזטע און זאַטע מענטשן. דער ייד האָט זיך געשראָקן פאַר דער פרייער גאַס, זיך געפילט דאָרט הילפלאָז, נישט־זיכער. זיכערער און פעסטער האָט ער זיך געפילט אין געטאָ, צווישן אייגענע.

יידן האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די זון שיינט בכלל נישט פאַר זיי, איז נישט ווי אַמאָל, וואַרעמט נישט ווי אין די אַמאָליקע צייטן, זי איז עפּעס טונקעלער און מיט פלעקן; אַז די טעג און נעכט זענען נישט די זעלבע ווי פריער.

דער קריסט האָט אויף דער מאַרשירנדיקער יידישער באַפעלקערונג צו דער אַרבעט געקוקט ווי אויף אַ גראָער מאַסע, אויף טונקעלע שאָטנס, וואָס דערווייל לעבן זיי נאָך, אָבער זענען שוין לאַנג פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג; דאָס זענען גייענדיקע סקעלעטן, ווועמענס לעבנס זענען קורץ און צייטווייליק.

אַ פאַרבלאָנדזשעטער הונט אין דער קריסטלעכער געגנט האָט געהאַט מער אַנזען און רעכט, ווי אַ לעבעדיקער ייד פון געטאָ. דער ייד האָט געטראָגן אַן אָרעמבאַנד מיט אַ גרויסן, שמוציקן מגן־דוד. יעדער איינער האָט פון אים געוויכט, ווייל מ׳האָט מורא געהאַט פאַרן געטאָ־טיפוס, ווייל ער איז געווען אַ ייד, פאַרמשפּט אויף טויט, מאָרגן וועט ער שוין נישט זיין צווישן די לעבעדיקע.

יידן האָבן בכלל נישט אַרויסגערופן קיין רחמנות־געפיל ביי די קריסטן. פאַרקערט, מ׳האָט זיך גאָר געפרייט מיטן אויסזען פונעם אומגליקלעכן יידן. זיי האָבן געהאַלטן, אַז איצט איז געקומען אויף די יידן אַ גערעכטע באַצאָלונג פאַר די הונדערטער יאָרן עוולות וואָס זיי האָבן אָנגעטאָן דער נישט־יידישער באַפעלקערונג. מיט די אייגענע אויגן האָבן זיי געזען די שטראָף וואָס זייער גאָט האָט אַראָפּגעשיקט אויף די יידן..

פוילן אָן יידן, דאָס דאָרף און שטאָט אָן יידן — אָט די לאָזונגען און חלומות פון יאָרהונדערטער האָבן זיך איצט אָנגעהויבן רעאַליזירן. ס׳שאַדט נישט, וואָס היטלער האָט אָקופּירט זייער פוילישע, צי אוקראַינישע ערד. דער דאָזיקער קרבן איז כדאי, מ׳ווערט פּטור פון די יידן.

האָט דער ייד נישט אַזוי גערן געוואָלט באַזוכן זיינע אַמאָליקע נישט־יידישע באַקאַנטע; צי אויסבהאַלטן זיך אויף דער אַרישער זייט. די ליידן און דער טויט צווישן אייגענע אין געטאָ, האָט זיך אויסגעוויזן לייכטער און בעסער.

די קריסטן פלעגן גערן קויפן ביי די דאָזיקע האַלב־לעבעדיקע סקעלעטן זייערע זייגערלעך, פינגערלעך, פּערל, פוטערס, בגדים, וועש און אַנדערע ווערטפולע חפצים. געווען אַפילו פוילישע און אוקראַינישע סוחרים, וואָס האָבן זיך אויסשליסלעך פאַרנומען מיטן אויפקויפן ביי די יידן זייערע קאָסטבאַרקייטן, פאַרשט׳ײט זיך — אַז פאַר שפּאָט ביליק.

געווען אין ראָהאַטין אַ פריינד פון יידן — ד״ר רונגע, וועלכער האָט זיי מיטגעפילט און געוואָלט העלפן. ער פלעגט אָפט קומען אין געטאָ, היילן קראַנקע, טרייסטן, אַז די דייטשן וועלן די מלחמה נישט געווינען. אין קעגנזאַץ צו אים איז אין ראָהאַטין, ווי דערמאָנט, געווען ד״ר מעלניק, וועלכער האָט געהאַט זיין הויז אויף דער געטאָ־טעריטאָריע, און מיט דער דערלויבעניש פון דער דייטשישער מאַכט געבליבן דאָרט וווינען. דאָס איז געווען דער איינציקער קריסט, וועלכער האָט געוווינט אין געטאָ צווישן טויזנטער יידן. ער האָט דעריבער פון זיין פענצטער געהאַט די בעסטע מעגלעכקייט, פון דער נאָענט, צו אָבסערווירן די ליידן און אומגליק פון די געטאָ־איינוווינער, וועלכע ער האָט אַזוי שטאַרק געהאַסט.

די פאַרצווייפלונג פון די געטאָ־יידן איז געווען אַזוי גרויס, אַז מיט קנאה פלעגט מען קוקן אויפן פרייען און זאָרגלאָזן לעבן פון די קעץ, הינט און פייגל.

## 1942 — די צווייטע אַקציע אין ראָהאַטינער געטאָ

ראש־השנה 1942, נאָך איידער ס׳האָט אָנגעהויבן טאָגן, ווען אַלע איינוווינער פון געטאָ זענען געווען פאַרזונקען אין טיפן שלאָף, האָבן געסטאַפּאָווצעס, צוזאַ־מען מיט דער אָרטיקער זשאַנדאַרמעריע און אוקראַינישע געהילפס־פּאָליציי, אָפּגעשלאָסן אַלע אַרויסגענג פון געטאָ. בראש פון דער באַוואָפנטער באַנדע זענען געשטאַנען: דער אָבערשטורמפירער מיללער (שטאַמט פון ווין) און הערמאַן, וועגן וועלכן כ׳האָב שוין דערמאָנט (אויך פון ווין). זיי זענען אַריין אין געטאָ, אַרויסגערופן דעם יודענראַט און געפאָדערט: אַלע יידן דאַרפן זיך צושטעלן, כדי זיין גרייט צום טראַנספּאָרט, וואָס וועט אָפּגיין פון דער באַן־סטאַציע. דאָרט זענען שוין געשטאַנען אָנגעגרייט פראַכט־וואַגאָנען. דער יודענראַט מיט דער יידישער פּאָליציי האָבן באַדאַרפט אַרומפירן די געסטאַפּאָווצעס איבער די הייזער און זיי העלפן צוזאַמענגעמען אַלע יידן פון געטאָ. נאָך מער — די יידישע פּאָליציי האָט באַדאַרפט העלפן דער געסטאַפּאָ אויפדעקן אַלע „מעלי־נעס״ וווּ יידן באַהאַלטן זיך, זיי צונויפזאַמלען אויפן געטאָ־פּלאַץ און אָפּפירן צו דער באַן.

אַדאַנק דער וואַכזאַמקייט פון דער יידישער פּאָליציי און אייגענע מענטשן, וואָס האָבן אַ גאַנצע נאַכט געהאַלטן דיזשור אין געטאָ און ביי די „סכראָנעס״, איז באַקאַנט געוואָרן, אַז פון טאַרנאָפּאָל איז געקומען קיין ראָהאַטין די געסטאַפּאָ אין פולער באַוואָפענונג. די געטאָ־באַפעלקערונג איז געוואָרן אַלאַרמירט. דאָסמאָל זענען די יידן געווען ווי געהעריק צוגעגרייט. יעדעס הויז האָט שוין פאַרמאָגט אַן אויסגעגראָבענעם „סכראָן״ — אונטער דער פּאָדלאָגע, אין אַ קאַמער, שטאַל אָדער קעלער. אין אַזאַ „סכראָן״ האָבן געקאָנט אַריינגיין כמעט אַלע איינוווינער פון הויז.

אין משך פון דער אַקציע האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז נישט יעדער „סכראָן״ איז געווען ווי געהעריק צוגעגרייט, און געהאַט די געהעריקע באַדינגונגען אויפ־צוהאַלטן די מענטשן אין משך פון אַ גאַנצן טאָג, כל־זמן די אַקציע דויערט.

די דייטשן און זייערע געהילפן זענען געגאַנגען פון הויז צו הויז, גוט אַדורכ־געזוכט אַלע ווינקעלעך און אונטער די פּאָדלאָגעס, ווייל אין די צימערן האָבן זיי כמעט קיינעמען נישט געטראָפן.

טראָץ די אַלע מיטלען פון די געטאָ־איינוווינער, זענען פון די „סכראָנעס״ אַרויסגעצויגן געוואָרן ביי אַ 500 מענטשן. די וואָס האָבן פּרובירט צו אַנטלויפן — זענען אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן. דער זעלבער גורל האָט געטראָפן די קראַנקע, אַלטע לייט און אומפעיקע צום טראַנספּאָרט.

דאָס אַרויסציען מענטשן פון די באַהעלטענישן איז פאָרגעקומען אויף אַזאַ אופן: ווי נאָר מ׳האָט אַנטדעקט אַ „סכראָן״, האָבן די דייטשן אַהין אַראָפּגעשיקט אַ יידישן פּאָליציאַנט, וועלכער האָט געהאָט די אויפגאַבע צוזאַמענצונעמען אַלע קאָסטבאַרע זאַכן, געלט און דערנאָך אַלע אָן אויסנאַם אַרויסטרייבן אויף דער גאַס. אַ דייטש אַליין איז נישט אַראָפּגעגאַנגען אין בונקער, ווייל זיי האָבן נישט געטרויט די יידן אפילו אין אַזאַ הילפלאָזער לאַגע, אין וועלכער זיי האָבן זיך געפונען. די דייטשן האָבן מורא געהאַט, אַז אין פאַרצווייפלונג קאָנען די יידן דערמאָרדן זייערע מענטשן.

געווען פאַלן, אַז אַ זשאַנדאַר פלעגט אַנטדעקן אַ „סכראָן״ — האָט ער זיך געלאָזט אונטערקויפן און צוריק פאַרמאַכט דעם אַנטדעקטן בונקער. דאָס האָט ער אָבער נישט דערלויבט זיך צו טאָן אין דער אַנוועזנהייט פון אַ געסטאַפּאָ־וויעץ. אַזאַ איינעם האָט מען שוין נישט געקאָנט איבערקויפן, אפילו ווען ער איז געווען אַליין, אָן דער באַגלייטונג פון עמעצן.

אַזוי איז אויך געשען מיט בוניאַ פאַנצער, וועמען אַ זשאַנדאַר האָט געפונען באַהאַלטן הינטער דער טיר. ער האָט נישט באַוויזן אַראָפּצוגיין אין קעלער. דער דייטש האָט אָנגעקוקט דעם דערשראָקענעם ייד, אים געהייסן אויף דער לייטער אַרויפגיין אויפן בוידעם. דערנאָך, ווען בוניאַ איז שוין געווען אויפן בוידעם, האָט דער דייטש די לייטער אַוועקגענומען און זיך אָפּגעטראָגן. איז בוניאַ דערווייל געבליבן לעבן, אָבער אין דער לעצטער אַקציע איז ער דערשאָסן געוואָרן.

5 פאַרנאַכט איז די אַקציע געווען פאַרענדיקט. די געכאַפּטע יידן זענען אונטער אַן עסקאָרטע אָפּגעפירט געוואָרן צו דער באַן־סטאַציע און פון דאָרט האָט מען זיי אָפּטראַנספּאָרטירט קיין בעלזשעץ. עטלעכע מענטשן זענען ביינאַכט אַרויסגעשפּרונגען דורך די פענצטערלעך פונעם לויפנדיקן צוג און דערנאָך צוריקגעקומען אין ראָהאַטינער געטאָ. דאָס איז געשען, ווען דער צוג האָט זיך געפונען אויפן וועג צווישן כאָדאָראָוו און לעמבערג.

פיל געראַטעוועטע אויף אַזאַ אופן, זענען דערנאָך געפאַלן פון די הענט פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג.

## נאָך דער צווייטער אַקציע

נאָך דער אַקציע האָט דאָס געטאָ אויסגעזען ווי אַן אויסגעשטאָרבענע שטאָט. בלויז איינצלנע מענטשן, אָפּגעריסענע, טרויעריקע און קראַנקע האָבן זיך אַרומ־געבלאָנקעט איבער די ליידיקע גאַסן פון געטאָ. דער יודענראַט און די יידישע פּאָליציי זענען געווען צעדולט. קיינער האָט נישט געוווסט וואָס פאַר אַ טאָג עס

איז און וועלכע דאַטע. מ׳האָט שוין נישט מורא געהאַט פאַר אַ צוקונפטיקער אַקציע, ווייל יעדן איינעם איז געווען קלאָר, אַז דאָס וועט אומבאַדינגט פאָרקומען, מ׳דאַרף זיין גרייט.

אַזוי זענען אַדורך עטלעכע טרויער־טעג און דאָס לעבן האָט ביסלעכווייז זיך אָנגעהויבן נאָרמאַליזירן. די טאָג־טעגלעכע זאָרג האָט ווידער אָנגעהויבן צו אַבסאָרבירן די לעבן־געבליבענע. מ׳איז ווידער אַרויס צו דער אַרבעט אויסערן געטאָ, מ׳האָט ווייטער אָנגעהויבן זוכן עסנוואַרג און טראַכטן וועגן אויסבעסערן די בונקערס, וועלכע מ׳האָט נאָך נישט געהאַט אַנטדעקט. דערווייל האָט זיך אונטערגערוקט דער האַרבסט, נאָך אים — דער ווינטער. דאָס זענען געווען די לעצטע וואָכן פון יאָר אין ראָהאַטינער געטאָ, אָבער אויך — די שווערסטע. מענטשן זענען ביזן גרונט געוואָרן אויסגעהונגערט, קראַנק, פאַרשטאַרט פון קעלט. נישט געווען קיין שיך אויף די פיס און נישט קיין האָלץ צו באַהייצן די וווינונגען.

די גרעסטע טייל איינוווינער אין געטאָ איז געווען נאָך אַ טיפוס־קראַנקהייט. יעדער האָט געהאַט אַ מוראדיקן אויסזען מיט איינגעפאַלענע אויגנלעכער, אָן אַן אויסדרוק פון לעבן. די קליידער האָבן פון זיי אַראָפּגעהאָנגען, ווייל די הויזן און דאָס רעקל האָבן נישט געהאַט אויף וואָס זיך צו האַלטן. יעדן האָט געפעלט אַ העלפט פון דער נאָרמאַלער וואָג. צו דעם צו האָט דער יודענראַט כסדר אַרויפגעלייגט נייע קאָנטריבוציעס, ווייל מ׳האָט געמוזט באַפרידיקן די פאָדערונגען פון דער געסטאַפּאָ. ווידער האָט אָנגעהויבן טליען אַ פונק פון האָפענונג, אַז קוים וועט פאָרט זיך איינגעבן אויפצוהאַלטן דאָס געטאָ מיט די איבערגעבליבענע מענטשן, איבערקומען די שלעכטע צייטן און דערוואַרטן בעסערע.

די דאָזיקע האָפענונג האָט באַקומען אַ געוויסן זין, ווייל די נייעסן פון די פראָנטן האָבן דערציילט וועגן דער שלעכטער לאַגע פון דער דייטשישער אַרמיי. אין געטאָ זענען פאַרשפרייט געוואָרן קלאַנגען וועגן די מפלות פון די דייטשן אויף די מזרח־פראָנטן. פאַרשטענדלעך, אַז דאָס זענען געווען נישט מער ווי קלאַנגען, אָן וועלכן גרונט.

דערווייל האָבן די דייטשן ווידער אָנגעהויבן צוזאַמענברענגען יידן פון די ערטער, ווו מ׳האָט זיי נאָך געהאַלטן צוליב פאַרשידענע סיבות. יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער זענען אַריינגעטריבן געוואָרן אין ראָהאַטינער געטאָ, וואָס האָט זיך ווידער פאַרפולט. די פוסטע ראָהאַטינער גאַסן זענען ווידער באַלעבט געוואָרן, די הייזער זענען פול געוואָרן מיט איינוווינער.

דער ווינטער איז געווען אַ שווערער. די קראַנקהייטן האָבן , ווי פריער, געזייט טויט. מענטשן זענען געפאַלן ווי פליגן. די באַגרעבער האָבן נישט באַוויזן צוגרייטן אַזויפיל קברים. האָט מען אָנגעהויבן צו באַגראָבן עטלעכע אין איין קבר.

מ׳האָט געבראַכט אין ראָהאַטינער געטאָ דאָס לעצטע ביסל יידן פון כאָדאָראָוו, ווו ס׳האָט נישט עקזיסטירט קיין געטאָ. די אָרטיקע יידן פלעגן זיין באשעפטיקט אין דער צוקער־פאַבריק, אָדער אויף די פעלדער.

אין נאָוועמבער 1942 האָבן די דייטשן באַשלאָסן צו מאַכן כאָדאָראָוו „יודענ־

רייך״. האָבן זיי אַ טייל אַרויסגעפירט קיין סטרי, אין דאָרטיקן געטאָ, און די איבעריקע — קיין ראָהאַטין, צו אונדז. די דאָזיקע קאָנצענטראַציע פון די אַרו־מיקע יידן און פון כאָדאָראָוו אין ראָהאַטינער געטאָ, האָט נישט פאָרויסגעזאָגט קיין שום גוטס. יעדער האָט געוווּסט, אַז ס׳גרייט זיך אַ נייע אַקציע, ביי וועלכער מ׳וועט ווידער אָוועקרייסן אַ ביסל יידן, אָדער מ׳וועט שוין אינגאַנצן ליקווידירן דאָס ראָהאַטינער געטאָ. דער געדאַנק אַז כאָדאָראָוו איז געבליבן אָן יידן, האָט אויף אַלעמען אָנגעוואָרפן גרויס פּחד. נישט געווען פון וועמען צו דערוואַרטן הילף. האָט מען די גאַנצע האָפענונג געלייגט אויף די בונקערס. ס׳איז אָנגעגאַנגען אַ פיבערהאַפטע אַרבעט זיי צו פאַרפעסטיקן. ווינציקע האָבן אָנגעהויבן זוכן אַ רעטונג אויף דער אַרישער זייט — אָבער קיין גרויסע האָפענונגען האָט מען אויף דעם נישט געלייגט. מ׳האָט געוווּסט, אַז דער קריסט האָט נאָר איין שטרעבונג: אַרויסצושלעפּן פונעם ייד זיין לעצט פאַרמעגן און דערנאָך אים אַרויסטרייבן (אויב ער וועט אים נישט אַליין דערמאָרדן). און אין בעסטן פאַל — אים איבער־געבן די דייטשן. פונדעסטוועגן זענען נאָך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אַרויס־געגנבעט פון געטאָ און זיך געלאָזט צו באַקאַנטע פּויערים. אין וואַלד האָט מען מורא געהאַט צו אַנטלויפן, ווייל ס׳איז נישט געווען קיין געווער. אין וואַלד האָבן זיך געקאָנט לאָזן נאָר גרעסערע גרופּעס, פעיקע צום פאַרטיידיקן זיך קעגן אָנפאַלן און צו באַזאָרגן זיך מיט עסנוואַרג.

דער יודענראַט פלעגט אַלעמאָל פאָרן קיין טאַרנאָפּאָל, צו דער געסטאַפּאָ און מיטנעמען פאַרשידענע מתנות, מיט דער האָפענונג צו דערוויסן זיך בנוגע די ווייטערדיקע פּלענער פון די דייטשן כלפּי די איבערגעבליבענע יידן. מ׳איז געווען זיכער, אַז אַן אַקציע וועט פאָרקומען, מ׳האָט נאָר נישט געוווּסט — ווען און וואָס פאַר אַ פאַרנעם זי וועט האָבן. וועט זי דויערן איין טאָג, אָדער מערערע טעג? וועלן זיי ליקווידירן אַלע יידן, אָדער נאָר אַ טייל? וועט נאָך דאָס געטאָ ווייטער עקזיסטירן, אָדער ווערט עס בכלל ליקווידירט? ליידער, ביי דער געסטאַפּאָ האָט מען גאָרנישט זיך געקאָנט דערוויסן — און דער יודענראַט איז צוריקגע־קומען מיט גאָרנישט. אַזעלכע רייזעס האָבן אָפּגעקאָסט גרויסע סומעס. די מיט־גלידער פון יודענראַט זענען דאָ געווען פּערזענלעך פאַראינטערעסירט, ווייל דאָ האָט זיך שוין געהאַנדלט אין זייער אייגענעם גורל. אויב מ׳וועט ביי דער דריטער אַקציע אַוועקנעמען נאָר אַ טייל יידן — וועט דאָך דער יודענראַט נישט אויפ־הערן עקזיסטירן, וועט מען אויך ווייטער זיך אַרויסדרייען פון טויט, צוזאַמען מיט די פאַמיליעס. ליקווידירט מען אָבער דאָס גאַנצע געטאָ — וועט מען שוין אויך דעם יודענראַט נישט דאַרפן.

## די דריטע אַקציע

דינסטיק פאַרטאָג, דעם 8.12.42, האָט די געסטאַפּאָ פון טאַרנאָפּאָל, צוזאַמען מיט דער זשאַנדאַרמעריע (אַזוי ווי אין אַלע ביז־איצטיקע אַקציעס), אַרומגע־רינגלט דאָס געטאָ אין ראָהאַטין און פאַרשלאָסן אַלע אַרויסגענג. אין אויגנבליק האָט די יידישע באַפעלקערונג זיך דערוווּסט פון דער יידישער פּאָליציי וועגן דער נייער אַקציע. ס׳איז געבליבן ווייניק צייט אויפצוהייבן זיך פון די געלעגערס און

לויפן אין די בונקערס, ווייל די דייטשן זענען גאָר שנעל אַריין אין געטאָ, כדי צו פאַרכאַפּן די יידן אין זייער שלאָף. ווי שטענדיק, האָט די יידישע געהילפס־פּאָליציי געמוזט מיטגיין מיט די דייטשן און זיי העלפן אויסזוכן די באַהאַלטענע יידן. פילן קראַנקע האָבן נישט באַוויזן זיך אַראָפּצולאָזן אין די באַהעלטענישן און זיי זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. בכלל האָבן זיי זיך מיט די קראַנקע און אַלטע לייט לאַנג נישט פאַרנומען. אויסער דעם האָבן אויך פיל געזונטע און יונגע מענטשן נישט באַוויזן זיך אויסצובאַהאַלטן און זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט, אָדער אַוועקגעפירט געוואָרן אויפן געטאָ־פּלאַץ. ביי דער דאָזיקער אַקציע האָט מען אויסגעשאָסן אַלע עפּידעמיש־קראַנקע אין שפּיטאָל, צוזאַמען מיטן פּערסאָנאַל און זייער דאָקטאָר (געווען דאָרטן העכער 20 טיפוס־קראַנקע מיט הויכער היץ).

ביז 5 פאַרנאַכט האָבן די דייטשן באַוויזן אויפצוזאַמלען העכער 2000 אויסגעדאַרטע און אויסגעמוטשעטע יידן, וועלכע מ'האָט דערנאָך, אונטער אַ שטאַרקער באַוואָפנטער עסקאָרטע, אָפּגעפירט צו דער באַן־סטאַציע און פון דאָרט — אין לאַסט־וואַגאָנען אָפּטראַנספּאָרטירט קיין בעלזשעץ.

דאַסמאָל זענען פיל קליינע קינדער געשטאָרבן אין די „סכראָנעס״, צוליב די צו גרויסע דאָזעס איינשלעפערונגס־מיטלען, וועלכע מ'האָט זיי איינגעשפּריצט. אויסער דעם, האָט אויך אין די בונקערס אויסגעפעלט לופט — און דעריבער זענען זיי פשוט דערשטיקט געוואָרן. אָבער אין אָט דעם שוידערלעכן אומגליק האָט מען נאָך געפונען אַ טרייסט — גלייכער אַז די קינדער זענען געשטאָרבן אין טיפן שלאָף, אָן לײדן, איידער דערשאָסן צו ווערן דורך די דייטשן.

אין זעלבן טאָג זענען אין אַלע געטאָס, אַזש ביז לעמבערג, פאָרגעקומען אַקציעס, פון וועלכע ס'זענען נאָר איבערגעבליבן ביי אַ פערט־חלק פון דער יידישער באַפעלקערונג. מ'האָט זיך שוין אָפּגעגעבן אַ קלאָרן דין־וחשבון, אַז נאָך איין אַקציע — און פון די יידן וועט שוין נישט בלייבן קיין שריד ופליט. אַלע וועלן אַוועקגעפירט ווערן קיין בעלזשעץ.

## די דייטשישע מפּלה ביי סטאַלינגראַד

צו יענער צייט האָט די דייטשן אָנגעהויבן צו גיין שלעכט אויף די מזרח־פראָנטן. יידן האָבן גערעכנט אויף היטלערס שנעלער מפּלה. מ'האָט אַלץ געטאָן, כדי אָפּשלעפן און אָפּשרייען פאַרשיידענע גזירות. מ'איז אָפט געפאָרן קיין טאַרנאָפּאָל, צו דער אָרטיקער געסטאַפּאָ. מ'האָט געגעבן פאַרשידענע מתנות, מיט דער אויסרעכענונג אָפּצוקויפן די מערדער און זיי אָפּהאַלטן פון פאַרשנעלערן די אַקציעס. די דייטשן זענען טאַקע געווען שטאַרק צעמישט — אָבער נישט געקלערט אָפּצושטעלן זייער פאַרניכטונגס־אַרבעט לגבי דער יידישער באַפעלקערונג. פאַרקערט, זיין האָבן געזוכט פאַרשידענע וועגן און מיטלען, כדי וואָס שנעלער אויסצנדיקן די יידן. דאָסזעלבע — אויך די אָרטיקע נישט־יידישע באַפעלקערונג, וועלכע האָט פשוט מורא געהאַט, קוים וועט אַ געוויסער פּראָצענט יידן בלייבן לעבן, ווייל זיי וואָלטן נאָך דייטשלאַנדס מפּלה געקאָנט נקמה־נעמען.

אין געטאָ האָבן אָנגעהויבן קומען אַלץ מער ידיעות וועגן די מיליטערישע מיסערפאָלגן פון די דייטשן הינטער סטאַלינגראַד. די דאָזיקע ידיעות האָט מען איבערגעגעבן פון מויל צו מויל און זיי האָבן געווירקט דערמוטיקנדיק. ווידער האָט אָנגעהויבן אויפצושײַנען אַ האָפענונג אין די הערצער פון די אונטערדריקטע און רעזיגנירטע געטאָ־אײַנוווינער. יעדן איז איצט געוואָרן קלאָר, אַז די דייטשן הייבן אָן פאַרשפּילן דעם קריג. גלייכצייטיק האָט אויך געעגבערט דער געדאַנק, אַז צוליב די מפּלות אויפן פראָנט, וועט היטלער מיט נאָך מער אייפער וועלן וואָס שנעלער פאַרענדיקן מיטן לעצטן ייד, אַז דעם גאַנצן כעס וועלן די נאַציס אויס־לאָזן צו די יידן.

אַז די דײַטשישע מפּלה הינטער סטאַלינגראַד איז געקומען, איז באַוווּסט געוואָרן שוין אין דעצעמבער 1942. אָנהייב פעברואַר 1943, איז פאָרגעקומען די אָפיציעלע קאַפּיטולאַציע פון דער דייטשישער אַרמיי אין סטאַלינגראַד.

דאָס געטאָ אין ראָהאַטין איז געוואָרן אויפגערודערט. אַלעמען האָט אַרומגע־נומען אַ גרויסע פרייד. די הונגעריקע און קראַנקע האָבן כמעט פאַרגעסן אין זייער טראַגישער לאַגע. ס׳האָט זיך געדוכט, אַז די דייטשן ליגן שוין באַזיגטע, אַז די וועלט הייבט צוריק אָן צו ווערן וועלט.

אין דער אמתן איז די מפּלה הינטער סטאַלינגראַד געווען בלויז אַן אָנהייב פונעם סוף פון דער היטלעריסטישער מאַכט — אָבער נאָכנישט די ענדגילטיקע מפּלה און אויך נישט דער סוף פון אונדזער פאָלקס־טראַגעדיע. פאַרקערט, אונדזער לאַגע איז געוואָרן טראַגישער. די דייטשן האָבן דערקלערט אַ „טרויער־טאָג״ צוליב זייער אומגליק ביי סטאַלינגראַד. אָבער פאַר אונדז, פאַרשלאָסענע אין געטאָ, איז דאָס געווען דער אָנהייב פון אונדזער סוף, ווייל די מפּלה פון די דייטשן הינטער סטאַלינגראַד האָט פאַרערגערט אונדזער לאַגע. די געסטאַפּאָ האָט פאַרשאַרפט אירע פאָדערונגען. מ׳האָט איצט אָפטער באַדאַרפט פירן קיין טאַר־נאָפּאָל געלט, גאָלד און ביזשוטעריע. אויך די אָרטיקע זשאַנדאַרמעריע איז געוואָרן שווייגנדיקער, נאָר האַרטער אין אירע באַפעלן. די קריסטלעכע באַפעל־קערונג האָט שוין אויסגעקוקט די מינוט, אַז פון אונדז זאָל קיין איינער נישט בלייבן ביים לעבן, כדי ס׳זאָל נישט זיין קיין לעבעדיקער עדות וועגן זייערע פאַרברעכנס כלפּי די יידן.

ווידער האָט אַלעמען באַהערשט רעזיגנאַציע. אייניקע האָבן אָנגעהויבן צו קלערן וועגן אַנטלויפן פון געטאָ, ערגעץ איבערוואַרטן די שלעכטע צייט, וועלכע וועט אַוודאי לאַנג נישט דויערן, ווייל די דייטשן וועלן במילא די מלחמה פאַרשפּילן. אַנדערע ווידער האָבן זיך גענומען פאַרפעסטיקן זייערע בונקערס, כדי דאָרט איבערוואַרטן ביזן סוף קריג.

דערווייל איז דאָס לעבן געפלאָסן אָן ענדערונגען. דער מלחמה־פראָנט האָט זיך נאָך אַלץ געפונען הינטער סטאַלינגראַד. דעריבער איז די האָפענונג אויף אַ שנעלער באַפרייאונג געווען אומבאַגרינדעט. די טיפוס־עפּידעמיע אין געטאָ האָט עטוואָס נאָכגעלאָזט, הגם ס׳זענען נאָך געווען אַ סך טויט־פאַלן צוליב דער דאָזיקער קראַנקהייט.

## פרילינג 1943

דער ווארעמער, זוניקער און שיינער פרילינג פון יאר 1943, האט מיט זיך געבראכט די גוטע ידיעות וועגן די כסדרדיקע דייטשישע מפלות אויפן מזרח־פראנט און זייער אומאויפהערלעכן ריקצוג. אין דער אמתן איז דאס נישט געווען פאר אונדז קיין גרויסע טרייסט, ווייל דער פאמעלעכדיקער און סיסטעמאטישער צוריקטריט פון דער ווערמאכט, האט אונדז נישט געקאנט ראטעווען. נאר א שנעלער צוזאמענברוך פונעם גאנצן היטלער־סיסטעם, אדער אויף די פראנטן, האט געקאנט לאזן ביים לעבן די יידן. דאך האבן די דאזיקע גוטע ידיעות געהויבן אונדזער מאראל, געגעבן האפענונג און כוח אויסצוהאלטן די קאשמאר־טעג. מיט מער ענערגיע האט זיך יעדער איינער גענומען צו פארפעסטיקן די בונקערס, אדער אנגעהויבן קלערן וועגן אנטלויפן פון געטא אויף דער ארישער זייט — אויב ס'וועט דערצו זיין א גינסטיקע געלעגנהייט. די געטא־איינוווינער זענען פון זייערע גראע הייזער און שמוציקע צימערן ארויס אויף דער זון, וועלכע האט שפעדיק געווארפן אירע שטראלן איבער די פארוויסטע געטא־געסלעך אין ראהאטין. די געטא־איינוווינער פלעגן אין אזא טאג מיט פארגעניגן זיך ווארעמען אויף דער זון, אריינפאלנדיק דערביי אין א קליינעם דרימל. צוליבן הונגער און דערשעפטקייט האבן זיי נישט געקאנט זיך אפגעבן מיט טרוימען. אבער אין שלאף האט מען נאך געקאנט האפן... זיי האבן דאן געטרוימט אין חלום וועגן פארגאנגענע גוטע טעג, וועגן מענטשלעכער פרייהייט — אדער וועגן דער צוקונפט, וואס אט־אט קומט זי אן.

צוזאמען מיט די גוטע ידיעות פון די פראנטן, זענען אויך אנגעקומען שלעכטע נייעס פון די ארומיקע און ווייטערע יידישע קהילות, ווי: בזשעזשאני, סטרי, בובריק, סטאניסלאוואוו, בראד און לעמבערג. דארט זענען כסדר פאר־געקומען פארניכטונגס־אקציעס און ארויסשיקונגען פון די יידן. לעמבערג איז שוין כמעט געווען אן יידן. געבליבן בלויז דער לאגער אויף דער יאנאווער גאס. ס'איז געווען אומפארשטענדלעך, הלמאי אין ראהאטין הערשט אזא פארהעלטניש־מעסיקע רואיקייט, וואס איז פון צייט צו צייט געשטערט געווארן דורך געוויסע האנדלונגען פון די דייטשן: אט איז דערשאסן געווארן דער דענטיסט ראטבוים מיט זיין פאמיליע. ער האט געהיילט די נישט־יידישע באפעלקערונג אין סטראטין. און געשען איז דאס אויף אזא אופן. די זשאנדארמעריע פון ראהאטין איז פלוצים אריין אין זיין וווינונג, אלעמען געהייסן אראפגיין אין קעלער, נאר פריער אפגעבן אלע קאסטבארע זאכן — און דערנאך זיי איינציקווייז אויסגעמארדעט; הערש רייס, ביי וועמען מ'האט געפונען א טייער דאמען־פוטער — איז דערשאסן געווארן אויפן בית־הקברות.

## דער מארד פון 20 יידן אין א קעלער

נאך אין דעצעמבער 1942, איז דאס שטעטל כאדאראוו געווארן „יודענריין". א טייל יידן האט מען אריבערגעפירט קיין ראהאטין, די איבעריקע — קיין סטרי, אין דארטיקן געטא. ווען כאדאראוו איז שוין געווען אויסגעליידיקט פון יידן, האבן

די פויערים אַנטדעקט אין שכנותדיקן וועלדל אַ בונקער, ווו ס׳האָבן זיך אויס־באַהאַלטן יידן. מ׳האָט וועגן דעם צוויסן געגעבן דער זשאַנדאַרמעריע, וועלכע איז באַלד אָנגעקומען און אַלע דערשאָסן. נאָר איין ייד פון דער אומגליקלעכער גרופע האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן. אויפן וועג קיין ראָהאַטין, נישט ווייט פון קניהעניץ, זענען אים באַפאַלן פויערים און געוואָלט אַ לעבעדיקן איבערגעבן אין די הענט פון די דייטשן. דער באַפאַלענער ייד האָט נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה ווי צו פאַרטיידיקן זיך מיט געווער. ער האָט געשאָסן אויף די פויערים און איינעם פון זיי פאַרוווּנדעט אין פוס. די אַנדערע אָנפאַלער זענען אַנטלאָפן. אַליין האָט ער זיך דערשלעפּט ביז ראָהאַטין, אַריין אין געטאָ און זיך אויסגע־מישט מיט די אָרטיקע איינוווינער.

דער פאַרוווּנדעטער פויער האָט וועגן דאָזיקן פאַל געמאָלדן דער ראָהאַטינער זשאַנדאַרמעריע, וועלכע האָט אויפגעפאָדערט דעם יודענראַט איר אַרויסצוגעבן דעם דאָזיקן ייד. מ׳האָט אים אָבער נישט געקאָנט געפונען, ווייל מ׳האָט נישט געוווּסט ווער דאָס איז. די זשאַנדאַרמערע האָט געגעבן אַ באַפעל, אַז אויב מ׳וועט אים נישט צושטעלן אין משך פון צוויי שעה — זאָל דער יודענראַט אַרויסגעבן 20 אַנדערע יידן אַלס ערובניקעס. ס׳האָבן נישט געהאָלפן קיין שום אונטערהאַנד־לונגען, אויך נישט קיין אויסקויפן זיך. די זשאַנדאַרמעריע האָט זיך געהאַלטן ביי אירס. אויך האָט דער יודענראַט מורא געהאַט, אַז די זשאַנדאַרמעריע זאָל נישט צוויסן געבן וועגן דעם פאַל אין דער טאַרנאָפּאָלער געסטאַפּאָ, וועלכע קאָן נאָך באַשליסן צו ליקווידירן דאָס ראָהאַטינער געטאָ. אַזיווי די זשאַנדאַרמעריע האָט נישט באַשטימט גענוי וועלכע 20 יידן דאָס דאַרפן זיין, האָט דער יודענראַט באַפוילן דער יידישער פּאָליציי אויסצוקלויבן אומהיילבאַר־קראַנקע און אַלטע לייט, וועלכע האָבן שוין געהאַלטן ביים שטאַרבן. מ׳האָט טאַקע צוזאַמענגענומען אַזעלכע 20 יידן און זיי איבערגעגעבן דער זשאַנדאַרמעריע, וועלכע האָט זיי אַלעמען אַראָפּגעפירט אין אַ קעלער. 7 זשאַנדאַרן האָבן זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער טיר און אָנגעהויבן אויף זיי צו שיסן אַזוי לאַנג, ביז אַלע 20 זענען געבליבן טויט. ווען זיי האָבן זיך איבערצייגט אין זייער טויט, האָבן זיי געהייסן די קרבנות אַוועקפירן אויפן בית־עולם און דאָרט זיי באַגראָבן (איך זעלבסט האָב בייגע־וווינט דאָס אַרויסנעמען די טויטע קערפּערס פון קעלער). אונטערן באַרג טויטע האָט זיך געפונען איינער, אַן על־פּי־נס אָפּגעראַטעוועטער. ער האָט זיך אויפ־געהויבן, אַרויס פון קעלער און געגאַנגען אַ היים. אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דער קאָנפליקט מיט דער זשאַנדאַרמעריע. מ׳האָט דאַן געהאַלטן, אַז מ׳איז אָפּגעקומען מיט אַ קליינער צאָל קרבנות, ווייל די געסטאַפּאָ וואָלט געוועזן געפאָדערט פיל מער...

אַלעמען האָט אַרומגענומען אַ פחד. נישט געווען קיין איין לעבעדיק באַשעפעניש אויף די גאַסן, בעת דער עקזעקוציע, וועלכע איז אַדורכגעפירט געוואָרן באַטאָג. אַלע זענען אַראָפּ אין זייערע באַהעלטענישן, ווייל אויסערן יודענראַט האָט קיינער נישט געוווּסט מיט וואָס דאָס אַלץ איז פאַרבונדן און צי איז עס נישט אַן אָנהייב פון אַן אַקציע.

מאַי־יוני 1943

די דאָזיקע צוויי חדשים זענען אַדורך אין געטאָ אונטערן צייכן פון גוטע פּראָנט־ידיעות און גלייכצייטיקע איוב־בשורות פון די יידישע שטעט און שטעטלעך פון לעמבערגער, סטאַניסלאַוואָווער און טאַרנאָפּאָלער וואָיעוודסטוועס, וועלכע זענען איינס נאָכן אַנדערן ליקווידירט געוואָרן. די דאָזיקע ידיעות האָבן אונדז נישט אָנגעזאָגט קיין גוטס. קיינער האָט נישט געהאַט דעם מוט און דעם ווילן אויסצוריידן דעם ביטערן אמת וועגן גורל וואָס דערוואַרט יעדן ייד. אַ שאָד נאָר די קליינע קינדער. זיי האָבן זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון פון דעם וואָס זיי דערוואַרט. די קינדער האָבן געליטן הונגער און נויט — און נישט פאָרויסגעזען דעם שרעקלעכן סוף.

עטלעכע מאָל זענען אונדזערע באַקאַנטע, די פאַמיליע פּאַלאַצקי, געקומען צו מיר אין שטוב און דערקלערט זייער גרייטקייט צו נעמען צו זיך און אויס־באַהאַלטן מיין קליין דריי און אַ האַלב־יאָריק יינגעלע. כ׳האָב זיי אָבער נישט געגלויבט — און דאָס קינד נישט איבערגעגעבן. כ׳האָב געוווּסט, אַז דעם זעלבן טאָג ווען מ׳וועט מיך אומברענגען — וועלן זיי אויך מיין קינד נישט מער האַלטן און זיך צואייגענען דאָס וואָס כ׳האָב אים מיטגעגעבן אויפן וועג. זיי זענען אַוודאי גרייט געווען פאַר זיינע שיכלעך און הייזלעך אים צו טויטן. כ׳האָב זיי נישט געגלויבט. מיין האַרץ האָט מיך געוואָרנט: „גיב זיי נישט דאָס קינד, מ׳טאָר זיי נישט אָנטרויען!". כ׳האָב דאָס קינד נישט געגעבן, ווייל טראָץ אַלעמען האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט די האָפענונג, אַז ס׳וועט אונדז דאָך געלונגען איבערצולעבן די אומגליקלעכע צייט. ס׳האָט זיך נישט געוואָלט, צוזאַמען מיט מיין פרוי און קינד, אַוועקשטעלן פאַר דער אָנגעצילטער דייטשישער ביקס און דערשאָסן ווערן. כ׳האָב נישט געוווּסט ווי אַזוי דאָס וועט געשען, ווער ס׳וועט אונדז ראַטעווען, אָבער אין זיך האָב איך געהאַט דעם גלויבן, אַז אין דער לעצטער מינוט וועל איך דאָך אויסמיידן די געפאַר.

איך האָב אַלס דאָקטאָר־מעדיצין געלעבט אין ראָהאַטינער געטאָ און האָבנדיק אַ מעגלעכקייט צו באַזוכן אַלע היימען, האָב איך פון דער נאָענט אָבסערווירט דאָס לעבן פון מיינע אומגליקלעכע ברידער — אין הונגער, קעלט, קראַנקהייטן און דער עיקר — דער כסדרדיקער פּחד פאַרן מאָרגן, בעת מ׳איז נישט געווען זיכער מיטן היינט...

די אַרבעטס־באַדינגונגען פון אַ יידישן דאָקטאָר אין געטאָ זענען געווען אומ־דערטרעגלעכע. אָן מעדיקאַמענטן און נייטיקע מכשירים, ביי אַ שטענדיקער געפאַר אַליין צו ווערן אָנגעשטעקט פון די עפּידעמישע קראַנקהייטן וואָס האָבן אומאויפ־הערלעך געבושעוועט אין געטאָ.

דאָך האָט מיר אַן אינערלעך געפיל שטענדיק אונטערגעזאָגט, אַז ס׳וועט מיר געלונגען אַרויסצורייסן זיך פון דאָזיקן גהינום און איבערלעבן די שרעקלעכע צייט. און אַזוי איז טאַקע געווען:

אין סאַמע לעצטן טאָג פון ליקווידירן דאָס ראָהאַטינער געטאָ, איז אומדער־וואַרטעט געקומען צו אונדז אַן אוקראַאינער מיטן נאָמען קאָברין. ער האָט גע־

שטאַמט פון דאָרף הענריקאָווקע. אָן לאַנגע רעדעס, האָט ער מיר געשטעלט צוויי פראַגן: צי איך ווייס אַז אין סטאַניסלאַוואָוו, טאַרנאָפּאָל, סטרי, באָבריק און אין אַנדערע ערטער, זענען שוין נישטאָ קיין יידן? און די צווייטע פראַגע: וואָס איך טראַכט צו טאָן? אויף דער ערשטער פראַגע האָב איך אים געענטפערט, אַז איך ווייס אַלץ. און אויף דער לעצטער — אַז כ׳האָב נישט קיין אַנדערע ברירה, ווי נאָר וואַרטן ביזן סוף. אויף דעם האָט ער דערקלערט, אַז ער איז גרייט צו ראַטעווען מיך מיט מיין פאַמיליע, אויב כ׳בין דערצו מסכים. שבת פאַרנאַכט, אין דריי טעג אַרום, קומט ער מיט זיין פערד־און־וואָגן אונדז נעמען צו זיך.

געריט פון דער דאָזיקער גוטסקייט, האָב איך אים געזאָגט, אַז אויב מיר בלייבן לעבן ביז שבת, וואַרט איך אויף אים ביי דער ראַמפּע, נישט ווייט פון דער צערקווע. שבתצונאַכטס, 1 אַזייגער, איז ער טאַקע געקומען מיט אַ וואָגן, געשפּאַנט אין צוויי פערד און אונדז בשלום אַוועקגעפירט צו זיך. בעת מיר זענען אָנגעקומען אויפן אָרט, האָבן די געסטאַפּאָ־מערדער און זייערע געהילפן פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג אויסגעשאָסן די לעצטע יידן פון ראָהאַטינער געטאָ.

דער דאָזיקער אוקראַינער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט מיר דערלאַנגט זיין ברידערלעכע האַנט און טאַקע געהאָלפן. אָבער נישט דער איינציקער. אָט האָבן די אוקראַינער אין סטרעליסק גוט זיך באַצויגן צו די יידן. ווי נאָר זיי האָבן זיך דערוווּסט וועגן דער גזירה צו פאַרטרייבן די סטרעליסקער יידן קיין באָבריק, האָבן זיי גלייך וועגן דעם געמאָלדן. אַדאַנק דער דאָזיקער אינפאָרמאַציע, איז פיל סטרעליסקער יידן געלונגען זיך אָפּצוראַטעווען, צווישן זיי — אויך מיין משפחה.

(מיר איז באַוווּסט פון דער פרוי צילע קנאַסאָוו (פעלד), אַז דער גלח וואַסיל כאַבורסקי, פון דאָרף יאַווטשע, איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער מענטש, וואָס האָט פיל געהאָלפן יידן, ריזיקירנדיק דערביי מיטן אייגענעם לעבן. זי דער־מאָנט אויך די פרוי פונעם אוקראַינישן ריכטער העלערעוויטש און זיין טאָכטער, וואָס האָבן אין משך פון 12 חדשים אויסבאַהאַלטן אָן וועלכן ס׳איז אָפּצאָל, איר 11־יאָריקע טאָכטער אַניאַ).

איינצלנע יידן, צי גאַנצע פאַמיליעס (הגם אַזעלכע זענען ווייניק געבליבן), האָבן זיך פּרובירט ראַטעווען דורכן אַנטלויפן פון געטאָ און זיך אויסבאַהאַלטן ביי נישט־יידן. ס׳האָט זיך זיי דאָס איינגעגעבן פאַרן פרייז פון די לעצטע ווערטפולע זאַכן. אָבער אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן, ווייל פיל זענען צוריקגעקומען פון דער אַרישער זייט, נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך איבערצייגט, אַז אומעטום איז דער ייד הפקר און קיינער וויל אים נישט אַריינלאָזן צו זיך אויף איבערצוואַרטן די צייט ביז די מלחמה וועט זיך ענדיקן. אין בעסטן פאַל זענען אַזעלכע יידן געווען אויף דער אַרישער זייט, עטלעכע וואָכן. נאָכדעם זענען זיי געווען געצוווּנגען זיך צוריקצוקערן אין געטאָ אַריין, אין דער איבערצייגונג, אַז דער טויט צווישן אייגענע איז פיל לייכטער ווי צווישן פרעמדע. אַן אַנדערע טייל איז שוין יאָ געבליבן אויסערן געטאָ און זיך אויסבהאַלטן ביי באַקאַנטע קריסטן.

אין יענע טעג איז ראָהאַטין, ווייזט אויס, געווען צווישן די זעלטענע שטעט און שטעטלעך אין פוילן, וווּ ס׳האָבן זיך נאָך אויפגעהאַלטן יידן. אין טייל ישובים זענען נאָר געבליבן אויסדערוויילטע, געזונטע יינגע בחורים, ווייל זיי האָבן

געאַרבעט פאַר דער דייטשישער מלחמה־מאַשין. דאַקעגן זענען נאָך אין ראָהאַטין געבליבן יידן פון פאַרשידנאַרטיקן עלטער. אָבער אין קיין אַרבעטס־קאַזאַרמעס זענען זיי נאָך נישט געווען איינגעשלאָסן. אין ראָהאַטין האָבן נאָך יידן געוווינט צו יענער צייט, אין אַ „פרייען" געטאָ.

אין די חדשים מאַי־יוני 1943 האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אין אַלע אַרומיקע ערטער זענען שוין קיין יידן נישט פאַראַן. איצט איז מען געווען זיכער, אַז דער גורל פון די ראָהאַטינער יידן איז אַ געחתמעטער, אַז די טעג זענען געציילטע. מ׳האָט אָנגעהויבן זיך צוגעוווינען צום געדאַנק וועגן אומבאַדינגטן סוף. מ׳האָט אָפן גערעדט וועגן נאָענטן טויט ווי אַ נאַטירלעכע און אומפאַר־מיידלעכע זאַך. מען האָט אָנגעהויבן אויספאַרקויפן אַלץ, וואָס איז נאָך געבליבן פון די אַמאָליקע צייטן און זיך איינגעשאַפט עסן, כדי צו שטילן דעם הונגער. אין געוויסע שטובן זענען פאָרגעקומען פריילעכע אָוונטן, ווו מ׳האָט געגעסן, געטרונקען און — — — געזונגען. קיין מוזיק איז שוין נישט געווען, ווייל די מוזיקאַנטן, די פאַמיליע פאַוסט, איז געהאַט אומגעקומען. ס׳האָט נאָר געלעבט דוד פאַוסט מיט זיין פרוי און טאָכטער, ראָזאַ, וואָס איז איצט אין אַמעריקע.

שבועות, דעם 5.6.43, עלף ביינאַכט, איז קיין ראָהאַטין אַראָפּגעקומען די געסטאַפּאָ פון לעמבערג, אַרומגעשטעלט דאָס געטאָ און אָוועקגענומען די איבער־געבליבענע יידישע באַפעלקערונג. אַרום צוויי נאָך האַלבער נאַכט, 18 קילאָ־מעטער פון דער שטאָט, האָב איך געהערט דאָס קלאַפּן פון מאַשין־געווער. דאָס האָבן די דייטשן אויסגעשאָסן די לעצטע יידישע איינוווינער פון ראָהאַטינער געטאָ.

ווי מ׳האָט מיר שפּעטער איבערגעגעבן, זענען נאָך די פּויערים מיט דער אָרטיקער זשאַנדאַרמעריע, אין משך פון אַ לאַנגער צייט, אַרומגעגאַנגען איבער די הייזער אין געטאָ, געזוכט באַהעלטענישן, קוים וועלן זיי דאָרט געפינען יידן. אַזוי איז 10 טעג נאָך דער פולשטענדיקער ליקווידאַציע פון געטאָ, אויפגעדעקט געוואָרן דער באַקאַנטער און גוט־אויסגעבויטער „סכראָן", וועלכן מ׳האָט גערופן „סעוואַסטאָפּאָל". דאָרטן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן די פאַמיליעס: קאַרטין, פאַוסט אַלטער, זיידלער און מעסינג. אַלע האָט מען אַרויסגעפירט הינטער דער ציגל־פאַבריק, ווו מ׳האָט פריער געהאַט אומגעבראַכט די דריי טויזנט יידן פון דער לעצטער אַקציע — און זיי דאָרט דערשאָסן.

נאָך דער באַפרייאונג האָבן מיר באַקאַנטע פּויערים דערציילט, אַז ווען מ׳האָט די לעצטע אַרעסטירטע געפירט פון געטאָ צום דערשיסן, האָט אַלתר פאַוסט געבעטן די פּויערים זיך גוט צוקוקן ווי מ׳פירט אַלע צום טויט, כדי זיי זאָלן דערנאָך קאָנען דערציילן זיינע זין — דוד, יעקב און שמחה — אויב זיי וועלן זיך אָפּראַטעווען, וועגן די לעצטע מינוטן פון זייער פאָטער און שוועסטער.

*

אַזוי האָט געלעבט, געקעמפט, געליטן, זיך געראַנגלט און געהאָפט אויף בעסערע צייטן, אַ גרויסע יידישע קהילה, וואָס האָט געטראָגן דעם שטאָלצן נאָמען: ראָהאַטין. פון אָט דער קהילה זענען קיין סך נישט איבערגעבליבן.

אָבער די וואָס זענען געבליבןביים לעבן, טראָגן טיף אין האַרצן איינגעקריצט דעם זכרון פון אַ טייערער יידישער געמיינדע, וועלכע האָט אַרויסגעגעבן דעם יידישן פאָלק נישט איין גרויסן מענטש און אַריינגעשריבן אַ רייכן בלאַט אין אונדזער געשיכטע.

**י. פ. ש.**

## מעשה בבונקר אחד



יוסי סטרייר

אחד הבונקרים בעירנו בתקופת־השואה הוקם בבית־מועצת המחוז, תחת אפם של הגרמנים, שהרי באותו בניין עצמו התאכסנה מפקדת הגיסטאפו. אוקראיני בשם ב ר ו ד ו ב י י מהכפר פוטיאטינצה, שומר הבית, עזר להקים את הבונקר במרתפו של הבית, במקום שאוכסן הארכיון של המועצה, ובו התאכסנו 13 יהודים: יהושע גלוצר ושתי בנותיו לוסיה ורוזיה; אברהם האָבר, אשתו ליבצע והבן ישראל; רייזה סטרייר עם הבן יוסי; רחל ואחיה משה־יוסף באַל ובן־דודה ברנאַרד קאָסלר; שרה רוקח וחנינא זוננשיין.

האוקראיני הנ"ל היה דואג גם למזונותיהם של החבויים במקלט, מתחת לעינו הפקוחה של הנאצי. אבל יש שלא עלה הדבר בידו במשך ימים רצופים ואז ידעו המסתתרים חרפת־רעב. קרבן־רעב ראשון היה אברהמצי האָבר שנקבר במקלט עצמו.

לא היה ברירה, אלא להגיח מדי פעם מהמקלט ולבקש מזון. חנינא זוננשיין היה הראשון שנתפס, נדרש לגלות את מקום המחבוא ובסרבו נהרג ע"י הנאצים. בן י"ח היה בנפלו. השני — משה־יוסף באַל, הלך בעקבות קודמו וכמוהו נתפס ונהרג בסרבו לגלות את מקום המקל. בן י"ז היה במותו. אחריהם בא תורו של יוסי סטרייר. הוא הצליח להשיג קומץ־של מזון אך נתפס בהתקרבו למקום, עונה בצורה איומה עד שפרחה נשמתו. והוא בסך הכל בן ט"ו. הי"ד.

משנעשה צר המקום לנאצים שבמקומות העליונות (נוסף למפקדה נפתח שם גם בית־חולים) — ביקשו להשתמש במרתף, אך כאן עמדה לתשעת הנותרים זכותו של אותו אוקראיני, ברודוביי, שהצליח לשכנע את הנאצים, כי חבל להרוס את ארון הארכיון (שהסתיר את הכניסה לבונקר) כיוון שבו גנוזים מסמכים יקרי־המציאות. קרה נס והנאצים שוכנעו והסתלקו מתכניתם. זכור לטוב אותו גוי, שניצוץ אלוהים לא כבה בלבו והוא מהיחידים בין רבים...



אריה פאסבק, לאה הולדר, פיניא לוונטר, קלרה מסינג, סלקה ווליג, פיניא מאור, פפקה שומר, משה גראנוביטר, נפתלי לב (במרכז), דבורה בוסגאנג משה מאַט, פלונית אלמונית.



יַעֲקב ליינוואנד ואשתו בלומה (שפיגל), הבת אֶלזא והתאומים מיכל ויצחק (פשמישלאני)



משפחת הוכברג ז״ל
דוד הוכברג עם אשתו הוג׳י. למטה: יעקב אייכל ושני ילדיו



העומדים משמאל: ברונו אַלטר, י. בארבן, עזריאל גראנוביטר.
היושבים משמאל: גאַרטק גולדשלאג, איזיאָ שפיגל, מארצל לוונטר



ארבעת האחים הולץ ליד הגדר של הכנסיה הפולנית: זלקו, השקו
איזיא; המבוגר ביניהם חיים אלון — נמצא בקיבוץ המעפיל.



כינוס „ויצו" של נשי רוהאטין בביתו של שמעון טייכמן

**יוסף מילנר,** פאריז

## יידישע צענטערן ביי ראָגאַטין (ראָהאַטין)

דער קדוש ד״ר מאיר באַלאַבאַן, וועגן וועלכן מ׳קען באַשטימט זאָגן, אַז לא קם כמוהו אַ צווייטער אויף דעם געביט פון געשיכטע פון די יידישע שטעט און שטעטלעך אין גאַליציע — האָט נאָך מיט העכער 50 יאָר צוריק אָנגעגעבן אינטערעסאַנטע פרטים וועגן יידן אין ראָגאַטין. ער האָט זיך באַזירט אויף אַ „פאָלקס-ציילונג" וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1765 (ד.ה. — מיט 200 יאָר צוריק), לויט וועלכער ראָגאַטין האָט שוין דאַן פאַרמאָגט אַ קהלה פון 797 יידן, און דער גאַנצער „גליל" — ביז 1347 יידן! ווען מיר רעכענען זיך מיט דער דעמאָגראַפיע פון יענע צייטן, קען מען זאָגן, אַז דאָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ באַדייטנדיקע צאָל (לויט דער פעטערבורגער „יידישער ענציקלאָפעדיע", וואָס איז דערשינען אין דער רוסישער שפּראַך, אונטער דער רעדאַקציע פון ד״ר י. ל. קאַצענעלסאָן און באַראָן דוד גינצבורג. פינפטער באַנד, זייטן 77 און 115). ראָגאַטין האָט געקענט (און זי האָט עס ווירקלעך געטאָן!) משפיע זיין אויף די קלענערע מקומות אַרום זיך. ראָגאַטין האָט געהאַט אין יענער עפּאָכע, אונטער איר ממשלה, צוויי קליינע קהלות: פּאָדקאַמען (128 יידן) און סטרעטין (מיט 453).

היסטאָריש, האָט ראָגאַטין געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דער עפּאָכע פון די פאַלשע משיחים. שבתי צבי, למשל, האָט אין ראָגאַטין געפונען אַ נעסט פון אָדעפּטן, און דער משיח השקר האָט דאָרט געהאַט פאַרברענטע חסידים. די דאָזיקע שטימונג האָט פאַר זיך אויסגענוצט יעקב פראַנק, וואָס האָט אין ראָגאַטין געהאַט אַן אמתן מרכז. אַזוי האָט עס פאַסירט אין אָנפאַנג פון אַכצנטן יאָר־הונדערט. און די באַוועגונגען זענען געווען אַזוי שטאַרק, אַז דער פּוילישער קיסר אויגוסט III האָט זיך באַדאַרפט רעכענען מיט דעם פאַקט און דריי שטעט האָט ער דעקרעטירט פאַר אַ „פראַנקיסטישע זאָנע": בוסק, גליניאַני און ראָגאַטין.

שוין נענטער צו דער השכלה ווערט ראָגאַטין ווידער אַ צענטער. דאָרט עפנט זיך אַ שולע, וווּ מען לערנט „וועלטלעכע" לימודים און העברעאיש. אין 1912, ערב דער ערשטער וועלט-מלחמה, איז ראָגאַטין אַ שטעטעלע פון 7000 תושבים, צווישן זיי — 3217 יידן! מען ווייסט, אַז דער קהילה-בודזשעט האָט דערגרייכט אין אַ יאָר די סומע פון צוואַנציק טויזנט קראָנען.

גרויסע יידישע צענטערן ביי ראָגאַטין זענען געווען:

בורשטין: אַ שטעטעלע וואָס האָט געגעבן אַ פאַמיליע-נאָמען אַ באַרימטער, צעזייטער אין אַ סך ערטער יידישער משפּחה. מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק זענען שוין דאָרט געווען 453 יידן. מען קען מיט זיכערקייט זאָגן, אַז ווען היטלערס מלאכי-חבלה זענען אַריין אין שטעטל, זענען שוין דאָרט געווען אַן ערך 6000 יידן. אינטערעסאַנט, אַז נאָך אין יאָר 1908 איז דאָרט געווען, אין אַן אייגענעם הויז, אַ שולע, געבויט אויף די געלטער פון באַראָן הירש, מיט 160 תלמידים׳

בוקאַטשאָווצע: 361 יידן אין יאָר 1765 און 1216 — אין יאָר 1909. אין יענעם יאָר האָבן 236 יידן געצאָלט „עטאַט".

באַלשאָווצע: אַ היבשע יידישע קהילה און (על פי טעות) איז אָנגעגעבן אין עטלעכע מקורות די צאָל פון יידן אין באַלשוועץ, מיט אַ 60 יאָר צוריק — 2256.



פייגה וישראל קריג (צ׳רצ׳ה) ז"ל



נפתלי לב עם ילדתו



שרה באַגר עם בנה חיים ז"ל.
הבת צילה נמצאת בארגנטינה.



סושי וברל קריג מיכל וחיה לדר



ציון מאַט

יהושע פנחס קלארנט

# בורשטין

**לזכר משפחות: ארליך, קסלר, ארנברג ושל הרב יואל גינצבורג ז״ל**

מאת המלבה״ד:

בורשטין היתה אחת העיירות בחטיבה שנקראה מחוז רוהאטין, ובה גם סטרטין, פודקאמין, קניהיניצ׳ה. היה קשר הדוק בין בורשטין ורוהאטין: אוכלוסייתה של בורשטין היתה נזקקת, כדת המדינה, לרשויות שברוהאטין, חסידי שתי העיירות קשורים היו ב„חצר" של רוהאטין; היריד ברוהאטין היה מפגש רציני ליהודי כל העיירות שבסביבה, שקימו ביניהם קשרי מסחר ושותפות הדוקים. (אביו של שמשון מלצר, למשל, איש בורשטין, היה שותף ל„טחנה האמריקנית" שברוהאטין); ברוהאטין היו בתי־ספר תיכונים פולני ואוקראיני ונוער מבורשטין היה משתלם בהם. זה יצר מגע וחברות הדוקה בין הנוער היהודי של שתי העיירות; שתי העיירות נעזרו אחת בשנייה בפעולה הציונית והן בדור הראשון והן בדור השני.

נוסף לכך התקשרו יהודי שתי העיירות בקשרי־נשואין הדוקים, ובני־משפחה אחת היו בשני המקומות גם יחד.

גורל אכזרי משותף פקד את יהודי בורשטין ורוהאטין גם יחד. הראשונים הובאו בימי השואה לגיטו רוהאטין וכאן הושמדו או נשלחו אל מחנות ההשמדה. עליהם נאמר: „בחייהם ובמותם לא נפרדו".

**הרבה מניעים אתי למשוך בעט ולהקדיש דפי־עד לעיירת בורשטיין בספר הזכרון שלנו. רק ששה־עשר קילומטר בלבד מבדיל עיירה זו מעיר רוהאטין המחוזית. לכן, אין פלא שנוצרו קשרים, אינטימיים לפעמים, בין יהודי שתי העיירות: קשרים מסחריים, קשרי־נישואים, קשרי תרבות ופעולות־נוער. סטודנטים יהודים למדו בבית־הספר התיכון ברוהאטין ואפילו נהר אחד „גנילא ליפא" איחד את שתי העיירות הללו.**

**החל מראשית המאה הי״ט, הכתה שרשים בבורשטין החסידות מיסודו של ר׳ יהודא־צבי־הירש בראנדווין מסטרטין. האדמו״ר ר׳ נחום שכיהן על כסאו עד 1914, היה למדן ומקובל והדפיס ארבעה ספרים בקבלה: „אמרי טוב", „אמרי חיים", „אמרי ברכה" ו„אמרי רצון". הוא הקים בבורשטין „חצר" מפוארת וחסידיו הרבים, שבאו ממקומות שונים, תרמו תרומה רבה לקיומה הכלכלי של קהילת בורשטין. ב־1914, עת נפש בהרים, פרצה דליקה בבורשטין שהשמידה את מחצית העיר ובתוכם גם את „חצרו" ואז עבר לסטניסלב. ר׳ נחום נפטר ב־1915 והשאיר בן יחיד, אליעזר, ו־4 בנות. הבן מלא את מקומו בסטניסלב. בשנת 1935 הקים מחדש ר׳ משה, בנו של ר׳ אליעזר הנ״ל, את חצר סבו בבורשטין ונהג באדמו״רות עד שנספה, יחד עם אשתו ושלושת בניו, בתקופת השואה. ר׳ משה׳לי היה מפורסם בפקחותו ורבים היו חסידיו. הנאצים תפסוהו ועינוהו והוא נפטר בשנת 1942 בסטניסלב.**

**לאט־לאט הדרה לבורשטין גם השאיפה להשכלה ולחינוך הילדים ברוח הזמן. ב־1898 נפתח בבורשטין, — כנראה, בהשתדלות הנאורים ומנהיג האינטליגנציה האקדמאית ד״ר דוד מאלץ — בי״ס יהודי לנערים מיסודה של „קרן הבארון**

הירש". הקמת ביה"ס זה עוררה את התנגדותם של החסידים והחרדים, אך לא היתה להם ברירה אלא לקבל את הדין. בערבים התקיימו בביה"ס קורסים למבוגרים ובהם השתתפו 52 איש. עם הרחבת ביה"ס, היה צורך להקים לו בניין מיוחד. בשנת 1904 קנתה „קרן הבארון הירש" בית. ב־1906 נפתחו מטעם „קרן היובל ע"ש הברונית קלארה הירש" קורסים לתפירה לנערות, בהנהלת גב' פוגל. בשנה הראשונה למדו בו 14 נערות תפירה וחייטות. ב־1914 עבר בניין ביה"ס לידי הקהילה והפך לבית־תרבות ע"ש י. ל. פרץ, ובו גם ספריה עממית. באפריל 1905, נוסדה קופת־מלוה של „איקא". מלבד זה, היה קיים שם גם „בנק קואופרא־טיבי" ושניהם פעלו עד פרוץ מלחמת העולם הראשונה. ב־1918 נתאחדו והיו ל„קופת מלווה קואופרטיבית".

חיים לאומיים תוססים התחילו לפעום עם יסוד האגודה הציונית „חובבי ציון" ע"י בונם שפירא. עם ד"ר דוד מאלץ עורך־דין שבא להשתקע בבורשטין, נוספה אישיות יהודית־ציונית. הוא היה חניך של קבוצת סטודנטים ציונים בראשותו של ד"ר אברהם קורק. יחד עם אחרים, ביניהם ד"ר יהושע טהון, הקים את אגודת „ציון" בלבוב, שהיתה אבן־פינה להסתדרות הציונית בגאליציה, שנים מספר עוד לפני שהופיע ד"ר תיאודור הרצל. הוא נמנה על טובי הסופרים הציוניים. בשנת 1909 נוסד בית־ספר־עברי עם מורה אחד ו־9 תלמידים. בימי מלחמת העולם הראשונה בא לבורשטיין להשתקע בה כעורך-דין ד"ר וולף שמורק (אחיו של ד"ר שמורק הנודע).

התעסקותם של יהודי בורשטין דומה היתה לזו של הרוהאטינאים. צביונה של העיר היה למעשה יהודי. אפילו נושא־המכתבים יהודי היה מעוטר בזקן ובפיאות, ר' אפרים שניידר.

רובם של יהודי בורשטין חסידים היו. אף שבבורשטין „מלכו" האדמו"רים למשפחת בראנדוויין, רוב יהודים בה היו מחסידי בלז וצורטקוב. בראש ועד הקהילה עמד זליג האמר.

ד"ר מ. האבר מוסר: „יהודי בורשטין אנשים שקטים היו, אך לא היו פהדנים כלל. בשעת־סכנה תמיד היו מוכנים לעמוד על נפשם וכבודם. בימי הנסיך יאבלונובסקי, פרץ ריב בין הטאטארים והיהודים. הטאטארים הנלהבים, ואתם הפולנים והאוקראינים, התרוצצו כפראי־אדם ברחובות העיירה וניפצו שמשות. מיד יצאו לקראתם פועלים יהודים, קצבים בסכינים וקרדומות והטאטארים מיהרו לסגת. אומץ־ליבם של יהודי בורשטין ירד עליהם כמהלומה. בפעם הראשונה הרגישו הפורעים בסכנה המרחפת עליהם ונסו בבהלה. העיירה יצאה בשלום. בינתיים הגיעה משטרה מרוהאטין והרוח בעיירה שככה.

בשנים 18—1917, לאחר שנסתיימה מלחמת העולם הראשונה, עדיין נמשכו הקרבות בסביבות בורשטין בין האוקראינים, הפולנים והבולשביקים. מובן שהיהודים היו תמיד השעיר־לעזאזל. קרבנות לשוד ורצח, נשים נאנסו לעיני בעליהן וילדיהן.

קשה מכל היתה בהם פגיעתם של אנשי פטלורה. גם הכנופיות של גנראל האלר לא היו טובות מהן. לולא עזרתו של הג'וינט, כי אז רחפה סכנת הרס וכליון על היהודים. הג'וינט הקים מטבח עממי בעיירה וצריפים הוקמו למחוסרי־בית.

מ. נכוולגר, מוסר: מי לא יזכור את המורים לעברית: סובל, הבחורה מבוריסלב, שורץ ושטרוהוויס ועוד? כל אחד מהם וכולם יחד, הקדישו מזמנם, שלאחר שעות ההוראה, כדי להצית בנשמת הנוער זיקי־ציונות ואהבה למולדת. מרכזי־הרוח הציונית היו ההסתדרויות: „התאחדות פועלי־ציון" (ימין); „ביתר" ו„הנוער הציוני". מאות נערות ונערים היו חברים בה. הויכוחים בחוגי־הנוער בבעיות הציונות התנהלו באולם „ההאחדות". הנוער היה לומד פרק בציונות, ספרות, חיי־חברה והיה מבקר בהרצאות ובתיאטרון שבאו לעיירה.

בשנת 1925, ייסד חיים גינצברג (בנו של מורה־ההוראה) את הסתדרות „גורדוניה".

י. פנסטר, מוסר: ב־1908 נתקיימו בחירות לפארלאמנט האוסטרי. התנועה הציונית השתתפה במאבק הבחירות. המנהיג הציוני אדולף שטאנד בא לנאום בבורשטין, ואילו הגבאים, מצדדי הרשימה הפולנית, לא הרשו לו לנאום בבית־הכנסת. אז קמו בני־הנוער הציוניים ופתחו את דלתות בית־הכנסת וד"ר שטאנד נשא בפניהם נאום ציוני חוצב־להבות.

מוניה כהן, מוסר: „כאשר החלה לחדור לערים ולעיירות של גליציה תורתו של ז'בוטינסקי, הגיעה התנועה הזאת גם לעיירתנו בורשטין. בשבועות 1927 התקיימה אסיפת היסוד של בית"ר. ציריו השתתפו בכל הועידות המחוזיות והארציות. חברי הקן מילאו גם תפקידים בהנהלה המרכזית של בית"ר. גרשון גינצברג (בנו של הדייק, שעזב את „גורדוניה") היה קצין־גליל בלבוב ואחר כך בלבוב ובקרקוב. בית"ר ניהלה את פעולתה עד למלחמת העולם השנייה. (בנו הצעיר של ר' יואל גינצברג, גרשון נחבש ע"י הרוסים ב־1940 בלבוב בבית־הסוהר. לפני כיבוש לבוב ע"י הנאצים ב־1941 בעת שהרוסים עזבו את העיר הוצת בית־הכלא הידוע ובלהבות אלה פרחה נשמתו של גרשון גינצברג ז"ל — י. ש.).

בימי המלחמה הראשונים כאשר הגרמנים החלו להתקרב לעירנו והאוקראינים החלו לאיים על היהודים בשוד ורצח התקשרה מפקדת בית"ר עם הנוער הפולני בעיר ויחד אתו הקימה הגנה־עצמית. לנוער היהודי ניתנה אפשרות להגן בשעת חירום על האוכלוסיה היהודית מפני התקפות שוד ורצח.

לושה פריפלד (רוזן), מוסרת: אני נזכרת בחברה אחת שלי, נוצריה, ושמה רניה גבודוביץ, שבזכותה ניצלתי מציפורני הנאצים ונשארתי בחיים. היא החביאה אותי בביתה. תהיה זאת אולי נחמה־פורתא, כי בים הגדול של סבל ועינויים, בימים של חורבן והשמדה, נמצאו יחידי־סגולה מבין הגויים שסיכנו את עצמם כדי להציל יהודים מן התופת הנאצית.

פנחס גלרנטר, יודע לספר: „דוב־בעריש גלרנטר, היה למדן מופלג בתורה בש"ס ובפוסקים. היתה לו סמיכות להוראה אך לא עשה את התורה קרדום לחפור בה. הוא היה ציוני כל ימיו. ידיד קרוב היה לד"ר דוד מאלץ, עו"ד, מראשוני קברניטי הציונות בגליציה, נואם מחונן ופובליציסט חריף, ממקורביו של נתן בירנבוים ומנאמני הרצל. ר' דוב־בעריש גלרנטר וד"ר דוד מאלץ היו מתרועעים עם ר' שלום מלצר, מראשוני המייסדים של הסתדרות „המזרחי", ממכונני בית־הספר העברי והסתדרות „שפה ברורה" ברוהאטין.

מרדכי נכוולגר מוסר שוב: „הנוער הציוני" נוסד בבורשטין ב־1928 ו־164

